נסתר

# העכער פון דער ערד




פערלאג „פראגרעס"

ווארשע—תר"ע.

# אינהאלט.

# דֶער קַדְמוֹן.

(פון ספר יצירה)

I

בּראשית — צום אַלעֶם עֶרשטעֶן — קײַן אָנהױבּ, קײַן עֶרשט'ם, קײַן סך און קײַן אײַנס, קײַן גאַנץ און קײַן טײַל, קײַן רעיון און קײַן מאמר.

בּראשית — צום אַלעֶם עֶרשטעֶן — קײַן אמת, קײַן לעֶגעֶנדעֶ, קײַן דמיון קײַן חלום, קײַן שלאָף ניט אפילו.

בּראשית — צום אַלעֶם עֶרשטעֶן — קײַן צאָהל, קײַן וואָג און מאָס, קײַן צײַט און אָרט, קײַן פאַרבּ, קײַן קול, קײַן שטילקײַט ניט אפילו.

בּראשית — צום אַלעֶם עֶרשטעֶן — קײַן זאַך, קײַן עֶפּעֶס, קײַן לעֶבּעֶן, קײַן שטרעֶבּעֶן, קײַן װעֶלעֶן, קײַן ציעֶלעֶן, נירװאַנאַ נישט אפילו.

און בּראשית? צום אַלעֶם עֶרשטעֶן איז דעֶר סוף דעֶם אָנהױבּ בּמאָס געֶװאָרעֶן... און מיט נאָך נישט קײַן אָנגעֶהױבּעֶנעֶם, אוננאַטיר־ליכעֶן בּחור־כח, האָט דעֶר אָנהױבּ דעֶם סוף פון מױל אַרױסגעֶשפּיגעֶן; נאָר אײדעֶר דעֶר אָנהױבּ האָט זיך דאָס מױל פעֶרמאַכעֶן געֶריהרט, האָט דעֶר סוף — בּליץ־שנעֶל, װי מיט געֶװאַלד־אױסגעֶצױגעֶנעֶם און שרעֶקליך־געֶשפּאַנטעֶן רעֶדעֶל־שטאָהל, זיך מיט אַמאָל אַ שרעֶקליכעֶן ריס און פליה געֶטהון און דעֶם אָנהױבּ צוריק אין מױל אַרײַן — און מיט פּעֶנט איהם דעֶם גאָרגעֶל פעֶרשטיקט... און פון דעֶם שנעֶלעֶן און מעֶכטיגעֶן דורכפליה פון דעֶם סוף־און אָנהױבּ־רעֶדעֶל איז די אײבּיגעֶ לעֶגעֶנדעֶ בּעֶשאַפעֶן געֶװאָרעֶן.

און . . . אַז די לעגענדע האָט די אויגען געעפענט, האָט זי ש
געטראָפען דעם קדמון אויפ'ן גרויסען אוראוראַלטען גרונד-שטיין (אֶב
השתיה) ליגען.

---

און דורות און צייטען, אָהן ראיה און אָהן שמיעה און נישט
זעהענע און נישט געהערטע, זענען זייענדיג נישט געוואָרע
פון נישט געוואָרען, צו נישט געוואָרען, און נישט אָנהויבענדיג ז
געענדיגט.

און דורות אָהן צאָהל, און כח אָהן מאָס, אָהן זיך אַליין און
אַ שאָטען, נישט זיך אַליין, נישט גאָרנישט וויסענדיג, — זענען
זיך אַליין און אין אייגענער אונוויסענהייט פערזונקען.

און אויפ'ן גרויסען אוראַלטען גרונד-שטיין איז דער קדמון שוין ג
האָט געלעגען, נאָר אומגעדאַכט, נאָר אומגעטראַכט, נאָך אָהן עפּעס, נ
אָהן שום זאַך, אָהן זיך אַליין נאָך אפילו — זיך נאָך נישט האָבענדיג,
נישט פערמאָגענדיג, — ער-דער גרונד-שטיין-נישט-ער, נישט-ער-ער-ד
גרונד-שטיין. וואָרום ער און אַלעם אויסער-ער איז נאָך דאַמאָ
ער געווען.

---

II

און קיין טאָג איז געווען, קיין נאַכט איז געוואָרען, קיין זונ
זענען נישט אויפגעגאַנגען, קיין זונען זענען נישט פערגאַנגען — און ד
איז עפּעס פאָראויס און אַריבער געגאַנגען: — ווי פון אַ לאַנגען
וויַיטען—וויַיטען שלאָף, פּאַמעליך—פּאַמעליך, וואַך ווערענדיג
רוהיג—רוהיג צו זיך קומענדיג; ווי פון אַ ווייַטער — ווייַטער שלאָ
הויך, פון דער סאַמע הויך, גרינג און פּאַמעליך דורכ'ן אייגענ
אָטעם אַראָבלאָזענדיג זיך און זי אונטער זיך לאָזענדיג,—אַזוי האָט ד
קדמון פון זיין פריהערדיגער, ווייַטער און אונוויסענדער הויך ווי אין ז
היימישעם, אייגענם און וויסיגעם איצטער אַראָבנידערן זיך דערפיהלב
פערהוילען, ווי מוזיק, וואָס קומט פון וויַיט — וויַיט, און פע
הוילען געהט דורך און וויַיטער ערגעץ לאָזט זיך — שטיל, ווי די שטי

קײט פון דעם הימעל אין מיטען דער נאַכט, — און צופרידען, ווי בשעת׳ן אָנהויב פון עפּעס אַ ליעב־צופרידענע־זאַך געוואָהר ווערענדיג, — אַזוי צופרידען, שטיל און פערהוילען האָט דער קדמון צו זיך אַליין, צו זיין גרויסען אָנהויב זיך אַראָבלאָזען געפיהלט. פּאַמעליך — פּאַמעליך, נידריגער און שטילער, שטילער און נידריגער — און שוין . . . דער גרונד־שטיין האָט זיך ווי עפּעס אין אַנ׳אָרט בעגעגענט, דאַכט זיך אָבגעשטעלט און רוהען געבליבען . . . און אויפ׳ן גרונד־שטיין גערוהט האָט דער קדמון און אין קדמון דאָס האַרץ זיינס . . . שטיל און רוהיג, שטילער און רוהיגער, אָטעם איין, אָטעם אויס, זיך אין זיך, זיך ביי זיך און מעהר גאָרנישט.

און קיין טאָג איז געווען, קיין נאַכט איז געוואָרען, קיין זון האָט געשײנט, קיין זון איז נישט אונטערגעגאַנגען—און דאָך איז עפּעס אַלץ ווייטער פאָראויס און אַריבער געגאַנגען: — דער שטילער און רוהיגער אָטעם פון קדמונ׳ס האַרץ האָט עפּעס איינמאָל ווי אויף עפּעס אַ פרעמדעס און שווערעס זיך אָנגעשלאָגען. ווי אין אַ זייט האָט זיך דער אָטעם אַוועקגעשטעלט און דאָס פרעמדע שווערע איבערוואַרטען און דאָס בעטראַכטען געוואָלט, נור טיעף אין האַרצען אונטען, איז זיך געלאַסען און מיט צייט דאָס פרעמדע געלעגען און פון דאָרט אויפ׳ן אָטעם אַרויסגעקוקט אַ ווײלע . . . אַ צווייטע . . . אַ דריטע . . . און דער אָטעם האָט ברייט דאָס האַרץ צונומען און פול און שווער פון דער טיעף אַרויפגעאָטעמט. דאָס פרעמדע האָט, ווי אויף גאָרנישט קוקענדיג, פערזיכערט, ווי צו זיך, פעסט אין האַרץ זיך אַרויפגערוקט. נאָך אַ אָטעם . . . און דאָס פרעמדע שווערע איז בר־מיצר געוואָרען — דעם גאַנצען חלל דאָרט פערנומען און דעם אָטעם שוין קוים אויף דורכגעהן אַנ׳אָרט געלאָזט . . .

---

און דערפיהלט האָט דעם קדמונ׳ס האַרץ אין זיך עפּעס אַ אומרוהיגס, ווי פון זיך אַליין אַ גענומענס, זיך אַליין אַ פרעמדס און נישט פערשטענדיגס . . . עפּעס אַ אומרוהיגס און נישט צופרידענס, וואָס עפּעס קומט דעם און ווייסט נישט וואָס, וואָס וויל, דאַכט זיך, גאָרנישט און מאָהנט דאָך, וואָס פיהלט זיך פאַר זיך אַליין ווי אַ שולדיג, אַ גערעכט . . .

און צו זיך אַליין האָט זיך דעם קדמונ׳ס האַרץ גענומען, זיך דער־גען און דערוויסען געוואָלט, זיך ערקענען און פערשטעהן. און דרעהען אַרום זיך אַליין האָט דעם קדמונ׳ס האַרץ זיך גענומען, ווי נאָך דעם אייגענעם עק זיך דרעהען, איהם נאָכלויפען, נאָך איהם זיך יאָגען און איהם חאַפּען געוואָלט. געדרעהט זיך, געלאָפען — גיך און בייז, גיכער, בייזער — אין דער זייט געלאָפען, אויף יענער געפּרובט — און... גאָרנישט: ס׳האָט קיין אָנהויב נישט דערגרייכט און קיין עק נישט דערגאַנגען. ביי זיך אַליין איז דעם קדמונ׳ס האַרץ געבליבען, ביי זיך אַליין און ביי דער אייגענער אָהנמעכטיגקייט.

דערשראָקען, אָבגעשטעלט און אַרומגעקוקט האָט זיך דעם קדמונ׳ס האַרץ: וואָס איז דאָ? מיט אויסגעגלאָצטע אויגען פאַר וואונדער, שרעק און נישט וויסען האָט ער אַ קוק און טראַכט געטהון: וואָס איז דאָ געשעהען? וואָס האָב איך געוואָלט און וואָס האָב איך נישט דערגרייכט? נאָך וואָס האָב זיך געיאָגט און פאַר וואָס האָב נישט געחאַפּט? פון דאַמאָלס אָן האָט שוין דעם קדמונ׳ס האַרץ פון קיין רוה נישט געוואוסט: אָבגעלאָזט אַ ווײַלע, פלעגט זיך ווײַטער צו דעם דאָס אומרוהיגע אונטערגנב׳ענען, עפּעס דערקוטשען, און עפּעס דערמאָהנען דאָס גענומען, צורייצען און בייז מאַכען און — גאָרנישט... ווײַטער אָבגעלאָזט און נאָך אַמאָל געקומען און אַזוי שוין כסדר, כסדר.

און אַ פערקלעמטע און פערביסענע בייזקייט האָט דעם קדמונ׳ס האַרץ בייסען, סמאָקען און צופּען גענומען. שרעקליכער כעס און אומגעהויערע פערדראָס האָבען אין דעם קדמונ׳ס האַרץ אויפגעשטורמט און אַנ׳אויסגאַנג געזוכט. געזוכט און געשטורמט, געשטורמט און געזוכט און נישט געפונען, און שטיקער האָט דאָס פון זיך אַליין גענומען, שטיקער פון זיך אַליין געריסען און זיך אַליין ביז בלוט געביסען — ס׳האָט גאָרנישט נישט דערגרייכט, ס׳איז צו גאָרנישט נישט געקומען.

און ווי אַ ווינטעל. פאַר אַ ספק־שטורם, וואָס פריהער שטיל און אונבעמערקט פון דער ערד וואַקסט אויס, שטום און שטיל הויבט זיך פאַרפלען אָן און אומרוהיג און געשווינד פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערען טראָגט זיך, שפּעטער, ווי פון וועהטאָג, הויבט די ערד אונטער זיך אָן רייסען, קאָרטשעט זיך, שרעקט און שרעקט זיך, שרעקט זיך און שרעקט און דערנאָך צו פערשלאָסענע טיר און טויער שלאָגט זיך צו, הויבט זיך אויף זיי דראַפּען אָן, איבערגעשראָקען צו זיי טוליעט זיך,

טרײַסעלט זײַ און ווײַסט אַלײן נישט , צי אונטער מיר און טויער זיך פאַר שטורם בעהאַלטען , צי טיר און טויער פאַר שטורם עפענען , — אזוי פלעגט דאָס אומרוהיגע צום קדמון׳ס האַרץ־טיר זיך צושלאָגען , אין איהר זיך קלאַפּען געמומען , זיך צו איהר טוליען , זיך אויף איהר דראַפּען , שרעקען און אָנזאָגען , בעטען , אָנפרעגען . . .

מיט פערקלעמטען האַרץ־וועהטאָג , מיט וועהטאָגליכע קאָרטשעני־שען און אָהנמעכטיג , ווי הענד און פיס אָבלאָזען , פלעגט דעם קדמון׳ס האַרץ פאַר דעם אומרוהיגען ווי מיט׳ן פנים צו דער ערד פאַלען און מיט הערצליכע און ביטערע טרעהרען פאַר דעם וויינען און זיך בעטען : — וואָס ווילסטו ? וואָס ווילסטו פון זיך און פון מיר ? העלפען דיר ? — מיט וואָס ? אַז כ׳בין אַליין נישט געהאָלפען . . . דיך דיר קלאָר מאַכען ? אַז כ׳בין זיך אַליין נישט קלאָר . . . זאָגען דיר , ווער דו ביזט ? אַז איך ווייס ניט , ווער איך בין . . . עפּעס זאָגען דיר ? נאָר וואָס ? אַז איך ווייס אַליין גאָרנישט . . . איך בין עלענד ווי דו , אונפערשטענדיג און אונבעהאָלפען ווי דו — טאָ וואָס ווילסטו פון מיר ? נו , נעהם , בייס מיך , רייס מיך . . .

און ס׳פלעגט בשעת מעשה דאָס אומרוהיגע גלייך אין די אויגען דעם האַרצען קוקען , קוקען און זעהן , אַז ס׳האָט נעביך דעם גאַנצען אמת געזאָגט און גאָרנישט , גאָרנישט פערלייקענט , און ס׳פלעגט דערויף רחמנות קריגען , אויך דאָס האַרץ אויפ׳ן אומרוהיגען ; אונבעהאָלפענע פלעגען זיי — מאַט , אָבגעלאָזען און אנבעהאָלפען , — ווי זיך אַראָבלאָזען , אײַנער אויפ׳ן צווייטען די הענד אַרויפלעגען , זיך געטריי אַרומנעהמען און אַנטשוויגען ווערען , דערנאָך דער אָהנמעכטיגקייט און אונבעהאָלפענ־קייט זיך איבערגעבען , פּאַמעליך — פּאַמעליך אײַנשלאָפען און מיער און אויסגעמאַטערט אַנטשלאָפען ווערען .

מיט קורצען אָטעם , שווער און שרעקענדיג פלעגט דער שלאָף זייערער זיין . פרעמדע און שווערע , ווילדע און שרעקענדיגע חלומות פלעגען צו זיי אינווייניג , אין שלאָף זייערן זיך אַריינמישען , ביי זיי נישט פרעגענדיג , ווי ביי זיך אין רשות דאָרט געדרעהט זיך , ווי עפּעס געזוכט , ווי נאָך עפּעס געשנאָרעט , געדרעהט זיך , געפּלאָנטעט זיך און גע׳חלום׳ט — אָהן אָנהויב , אָהן סוף , אָהן אַריינגאַנג אָהן אַרויסגאַנג , אָהן טעם און זינען . . .

און כסדר אין מיטען שלאָף , אין איין און דערזעלבער צייט ,

עפּעס אײַן און דיזעלבע זאַך — אַ שרעקענדיגס און אַ דערשראָקענס — דערשראָקען און דאָך לײַכט , פּלעגט זײַ מיט אַמאָל אַ ריהר און אַ זאָג טהון : הערט נאָר . . . מיט אַמאָל מיט אימפּעט פּלעגען זײַ זיך אַ חאַפּ טהון , אויפוואַכען און , ווי שוין פון צוויי בעזונדערע וועלטען אַראָבגעפאַלענע , זיך מיט די אויגען בעגעגענען . . . אויפ'ן האַרצען נישט גוט, פון שלאָף נאָך מיעד און ווייטער נאָך שלאָפען וועלען , פערראומערט , איינס דעם אַנדערן זיך נמאס און דערעסען — פּלעגען זײַ איינס פונ'ם אַנדערן זיך אָבקערעווען און אונטערן אַרומער זיך אַליין און איינס דאָס אַנדערע זיך דערקוטשען אָנהויבען , זיך בייזערן , זיך גריזען , אַלע מאָל פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערן זיך דרעהען , זיך קערעווען און קיין אָרט זיך נישט געפינען , און געזוכט — און נאָך אַמאָל נישט געפונען , און ווייטער מיעד אַנטשלאָפען געוואָרען — און נאָך אַמאָל אויפגעוואַכט , אַזוי צייטען , צייטען לאַנג , אַזוי יובלות , יובלות־ווײַז און כסדר כסדר . . .

און גרויסע וועלטען אָהן לשון , און גרויסע צייטען אָהן מעשים , פון קיינעם נישט בעמערקטע , פון קיינעם נישט געזעהענע , זענען אַזוי זיך , אָהן אַ שאָטען אפילו , פערגאַנגען . און דער אייביגער גרונד־שטיין האָט נאָך אַלץ אין דער אוראַלטער , נאָך פאַר־רוהיגער רוהיגקייט גערוהט . און אויפ'ן גרונד־שטיין גערוהט האָט דער קדמון , אין דעם קדמון דאָס האַרץ זיינס און אין דעם האַרצען — דעם האַרצענס אומרוהיגקייט . וואָרום מיעד איז שוין געהאַט געוואָרען דאָס אומרוהיגע פון אין זיך און ארום זיך זיך דרעהען . מיעד , יאוש'דיג און אָבגעלאָזען האָט דאָס זיך צו דעם גרויען אונבעוועגליכען און אָהן־צורה'דיגען נישט־וויסען זיך איבערגעגעבען־פערט . טומפּקייט און אָהנמעכטיגקייט האָבען דעם אומרוהיגענס אונצופריעדענהייט מיט הוילע שפּינוועבס־פעדים בעשפּינט — טומפּקייט , גרויליכקייט און פוילקייט . . . נאָר אין דעם פוילען און גרויען שפּינוועבס־פלאָנטער — אַ שוואַכער און קוים־צאַנקענדיגער זכרון־אָבשיין . . .

און דורות אָהן שיעור און צייטען אָהן ערך זענען פון נישט געקומען , מיט נישט צו נישט פערגאַנגען . ביז . . . ביז דעם קדמון'ס מח האָט זיך אַליין אויפ'ן געדאַנק געקומען .

און געווען איז דאָס אַזוי : — איינמאָל , — נישט טאָג , נישט נאַכט , נישט בין־השמשות איז דאַן געווען , — אָהן שום טעם און אָהן שום סבה , נאָר פּלוצים , פון זיך האָט דער קדמון מיט זיין מח אינאוי־

נעם אַ געטליך־פרעהליכען צאַפּעל און ציטער געטהון: האַ!...
כ׳ווייס!...

— ... געוועזן איז דאָס איינער פון די גרויסע צופאַל־מאָמענטען, וואָס צופעליג דערוויסט מען זיך, צופעליג דערקענט מען זיך, מיט אַמאָל צופעליג דערפיהלט מען די גרויסע שרעק פון צופאַל... דאָס איז געוועזן איינער פון די מאָמענטען, ווען דער שעפּפער דאַן זיך אַליין אַלס איינציגע שעפּפונג דערפיהלט זיך; איינער פון די מאָמענטען, ווען דער שעפּפער דאַן מיט זיך אַליין, מיט זיך אַלס איינציגע יצירה, און מיט זיין גרויסען און הייליגען געדאַנק פון יצירה פרעהט זיך, הייליגט זיך, גרויסט זיך און ליעבט זיך... די געטליך־גרויסע און איי־ביג־שעפּפערישע רגע־פרייד האָט דאַמאָלס דער קדמון איבערגעלעבט.
דאָס איז דער ערשטער גרויסער יצירה־טראַכט געוועזן.

און... אין דער רגע האָט דער אייביגער תהו ובהו געזאָלט פאַרב און געשטאַלט אָננעהמען, אין דער רגע האָט צו די אונציעהליגע און אונענדליכע נולען געזאָלט זיך אַנ׳איינס צושטעלען, אין דער רגע האָט די ערשטע און גרעסטע וועלט־פּאָעמאַ געזאָלט איהר אמת׳ן ריטם, איהר דיטליכסטען אויסדרוק קריגען, נאָר... אינאיינעם מיט׳ן ערשטען יצירה־טראַכט איז דער ספק געבוירען געוואָרען... און ווי נאָר די גרויסע פרייד־רגע איז אַריבער, אַזוי איז דער ספק פאַר׳ן קדמונ׳ס מח געקומען, זיך קאַלט און רוהיג גלייך איהם אַנטקעגען אויעקגעשטעלט און מיט אַ קאַלטען און ציניש׳ען שמייכעל ביי איהם אַ פרעג געטהון:
דו ווייסט? אַנו, פּרוב זאָגען וואָס?...

אָט ערשט, נאָר־וואָס, געהאַט, געהאַלטען, געדענקט... און אין דער איינציגער רגע און שוין: פערגעסען, נישטאָ, פערשוואונדען...
אַ צאַפּעל און ווי אַ וואָרף נאָכדעם האָט זיך דער קדמון געטהון, נאָר — זואו? וואָס? ווער? ווען?

דער ערשטער שטייפער און שאַרפער יצירה־טראַכט האָט זיך אַזוי ווי פון די איינציגע הענד אָבגעלאָזט, ווי אַרויף אויף דעם מח אַרויפגע־שטייגט און דאָרט זיך צונומען, עפּעס נישטיג און שיטער געוואָרען און פערשוואונדען.

אָבהענגדיג, אָהן שום אחוזה, אָהן עפּעס, צומישט און פערטו־מעלט, האָט זיך דעם קדמונ׳ס מח אַ סך צייט אַרום זיך געקוקט, און די גאַנצע צייט איז זיך ביי אַ זייט, קאַלטבלוטיג און צופרידען, אויף

ווײַנע ליפּען זײַן קאַלטער און צינישער שמײכעל — דער ספק געשטאַנען; און אַרומגעקוקט האָט זיך דעם קדמונ׳ס מח און געקוקט און געקוקט. און נישט געוואוסט האָט ער נאָך וואָס ער קוקט, אויף וואָס ער קוקט אַרוים, נישט געוואוסט ער אפילו, צי קוקט ער גאָר...

און נישט געדענקט האָט ער, צי האָט ער עפּעס פערלוירען, צי האָט ער גאָרנישט געהאַט, צי האָט ער אין עפּעס פערגעסען, צי האָט ער גאָרנישט געוואוסט. געקוקט האָט ער נישט אין קײן וועלט, נאָר גלאַט זיך, סתם... געקוקט האָט נישט ער, נישט זײַן אויג, נאָר אַלײן די טומפּקײט...

---

און ס׳זענען דורות־סריסים און צײַטען־עקרות, לעבען אָהן אינהאַלט און כח אָהן ממשות, אָהן שיעור און אָהן ערך, אָהן געשטאַלט און אָהן פאָרם זײַענדיג נישט געוואָרען און שטעהענדיג פערגאַנגען, ביז... ביז דעם קדמונ׳ס מח האָט זיך דערמאָהנט, אַז... אַז ער האָט עפּעס פערגעסען. און ער איז צו זיך געקומען.

און ווײַט — ווײַט איז דאָס פערגעסענע פונ׳ם קדמונ׳ס מח געוועזען. דאָך געדאַכט האָט זיך איהם און געפיהלט האָט ער, אַז אײן קלײניגקײט, אײן גאָרנישט, עטוואָס אַנדערש ס׳זאָל זײַן ווי ס׳איז, אײן בליק־מחשבה, אײן גליקליך רעיונ׳דיל, אײן צופעליגער אײַנפאַל — און — די זאַך איז בײַ איהם און ער איז בײַ זיך.

און געזעהען האָט דער מח דעם קדמונ׳ס, ווי אָהן אַ שיעור וועגען און שטעגען צו דעם פערגעסענעם פיהרען. און געשטאַנען איז ער, געקוקט און לאַנג געקלערט און בעטראַכט, אויף וואָס פאַר אײן וועג זיך פריהער צו לאָזען. נאָר אַז ער האָט געזעהען, אַז פון אַלע וועגען איז דער סוף דעם אָנהויב ווײַט און אַלע אָנהויבען מיט אָבשײַ און מיט פחד אויף דער נישט־הײמישער ווײַטקײט קוקען און צו די מאַמעס־נאָהענטען טוליען זיך; אַז ער האָט געזעהען, אַז אַלע וועגען פיהרען ערגעץ, נור וואוהין ווײסען אַלײן ניט, — האָט ער אַ נישט־בעטראַכטען פון זיך שפּאַן געטהון און אָהן אַ ברירה אויף אײנעם פון די וועגען זיך געטראָפען... און ער האָט זיך געהן געלאָזט...

ער דעם וועג און דער וועג איהם אומבעקאַנט, פערשידענע און ויך־פרעמדע, — האָט ער גלײַך און שטאַר געקוקט און ערגעץ־וואו געע־

גאַנגען און דער וועג האָט שטום געשוויגען און ערגעץ־וואו געפֿיהרט . . .

אַ סך, אַ סך אונטער־וועגען האָבען איהם שוין פֿון אויג פֿערלוי־רען, און די זייטען־וועגען האַלטען איהם נאָך אַלץ אין דער מיט אין זיי־ערער, און דער פֿאָר־וועג האַלט נאָך אַלץ אַ שטומען טייטפֿינגער, אין דער ווייטקייט אויסגעשטרעקט, און שטום און ווייט ווייזט אַלץ אָן: ווייטער . . . ווייטער . . .

און נישט איינמאָל איז איהם שוין אויפ'ן געדאַנק געקומען, אַז דאָס אינגאַנצען איז עפּעס אַ שפּיעל, אַנ'אָנשטעל . . . אַז דאָס האָבען זיך אַלע ציימען זיינע אָבגערעדט, אום פֿון איהם חוזק צו מאַכען, און אַז אונטער איהם דער אונטערוועג אונטערווייליכס פֿון איהם שפּעט, די זייטענוועגען שטיקען זיך, שמייכלען און ווינקען זיך איבער, און דער ערנסט פֿון דעם פֿאָרוועג איז אַ געמאַכטער, אַ פֿערשטעלטער און נאָר ביז אַ צייט — ביז ער וועט איהם איבערגעהן און אונטער זיך איהם לאָזען . . . נישט איינמאָל איז איהם אַזאַ געדאַנק אָנגעקומען, נאָר באַלד האָט ער איהם איבערגעשלאָגען און מיט זיין האַסטיגען ווייטער־גאַנג איהם פֿערטריבען.

און לאַנג — לאַנג האָט איהם דער וועג פֿון ווייט צו ווייט און ווייטער אין ווייטקייט געפֿיהרט, ביז ער האָט אַ שיידוועג בעגעגענט. שטעהן איז דעם קדמונ'ס מח ביים עק גרעניץ פֿון זיין ערשטען וועג געבליבען און זיך אַרומקוקען גענומען, — ווייטער אָהן אַ שיעור וועגען און שטעגען, — און אויף וואָסערן לאָזט מען זיך? . . .

און ס'שטעהען די וועגען, קוקען, זעהען און שוויינען. אַלע פֿריי, אָהן שום שומר־אויג שטעהען אָפֿען, הפקר און אַליין. יעדערער לאָזט אין זיך אַריין, נאָר רעדט נישט צו: די ברירה בלייבט ביי יענעם . . . זיי אַליין שווייגען האַרט און קוקען . . . און עס דאַכט זיך, אַז יעדע־רער פֿון זיי ווייסט עפּעס יאָ און ווייסט נישט, און ס'איז בשום אופֿן נישט צו זאָגען, צי שפּעטען זיי, צי מיינען זיי ערנסט, צי נאַרען זיי, צי זענען זיי אַליין גענאַרט . . . צי פֿיהרען זיי אויף עפּעס אויסזאָגען, צי רופֿען זיי אויף עפּעס געוואָהר ווערען, צי ווילען זיי עפּעס גוטעס זאָגען, צי האָבען זיי עפּעס שלעכטעס פֿערטראַכט — זיי שטעהען נאָר אָפֿען, קוקען און שוויינען . . .

און אַ געדאַנק אַ געזעצטער, אַ רוהיגער, אַנ'אַלטגעניטער און

געטרײַער איז דאַן צום קדמונ׳ס מח צוגעגאַנגען, איהם לײַכט אָנגע־ריהרט און צו איהם אַ זאָג געטהון: פאָלג מיך, — קעהר דיך אום: יעדערער פון אָט די אַלע וועגען צו שײדוועגען פיהרען, יעדער אײנצי־גער פון יענע וועגען צו נײַע שײדוועגען פיהרען און אַזוי ווײַטער און ווײַטער און אַזוי אָהן אַ סוף און אַזוי אָהן אַנ׳עק, — קעהר דיך אום... און דעם קדמונ׳ס מח האָט זיך צוריק צו זײַן איבערגעגאַנגענעם וועג שוין עטוואָס אויסגעקערעוועט. און געדאַכט האָט זיך — ער פאָלגט: אָט דרעהט ער זיך אוים און לאָזט זיך צוריק געהן, נאָר נײַן... ער האָט אויף צוריקוועגס נאָר אײַן קוק געטהון, ווי זיך ערגעץ דאָרט אַ סימן געמאַכט, זיך צוריק אויסגעדרעהט און ווײַטער אָהן אַ ברירה אויף אײנעם פון די וועגען זיך געטראָפען... פון ווײַט צו ווײַט און ווײַטער אין ווײַטקײַט געגאַנגען, און ווײַטער צו אַ שײדוועג געקומען. שוין אומ־געטראַכט, אויף גיך, האָט ער אויף צוריקוועגס אַ בליק געוואָרפען, זיך נאָך אַמאָל אַ צווײטען סימן געמאַכט און זיך ווײַטער אויף אַ וועג געלאָזט, און... נאָך אַמאָל אַ שײדוועג בעגעגענט.

אָבגעשטעלט האָט זיך שוין דאָס מאָל דער מח דעם קדמונ׳ס, און דער אַלט־געניטער און געטרײַער האָט זיך איצט נאָך הערציגער און ליבער ווי פריהער בײַ איהם זיך געבעטען: — פאָלג מיך — קעהר דיך אום... אונטערגעגעבען האָט זיך איצט דער מח: ער האָט זיך אומגע־קעהרט, די איבערגעלאָזענע סמנים האָבען איהם פון וועג צו וועג גע־פיהרט, ביז ער איז שטיל, בגנבה און אומבעמערקט אויפ׳ן אָרט, פון וואַנען ער איז אַרויסגעגאַנגען, אָנגעקומען. און געזעהען האָט דער אָנהויב, די הײם זײַנע, אַז ער איז נעבעך מיט גאָרנישט געקומען, און זי האָט גאָרנישט געפרעגט, גאָרנישט איבערגעפרעגט, זי האָט געטרײַ און שטיל איהם צוגענומען בעדויערט...

---

און לאַנג — לאַנג איז אַזוי דעם קדמונ׳ס מח אָהן ווילען און אָהן חשבון אין יאוש געלעגען. געלעגען, אויף גאָרנישט געוואַרט, געקוקט, — אויף גאָרנישט נישט אַרויסגעקוקט. אַזוי געלעגען, געלעגען, ביז אין אײנענער פינסטערניש פון זײַן נאָך־געשלאָסענער ראיה פלעגט זיך עפּעס אַ מין ספק־שטערענדיל בעווײַזען און טיעף־טיעף דאָרט און ווײַט־ווײַט פלעגט זיך עס פאַר איהם אלע מאָל טיקען און אויפשווימען, לעשען

און אויפהאָפּען , עפּעס ווינקען און מײנען , ערגעץ רופען און ווײזען און שווינדלען און שווינדלען . . . קאַלט און אָהן אינטערעס פלעגט דער קדמון אויף דערויף קוקען , קוקען גלאַט זיך , קוקען סתּם — ס'פלעגט איהם נישט האַרען , ס'פלעגט איהם נישט אויסמאַכען .

נאָר דאָ פלעגט אַ געדאַנק — אַליין נישט קײן פעסטער , אַליין אין זיך נישט פערזיכערטער—צום קדמונ'ס מח צוקומען און אַליין שוואַך , אַליין מסופק'ליך — פלעגט זיך אַליין ווי קווײנקלענדיג איהם דאָך אײנרײ־דען : דו ווײסט דען ? אפשר . . . מעגליך אַצינד . . . דו האָסט דאָך במילא קײן ברירה .

נישט ווי צו איהם גערעדט , אָהן אינטערעס און אָבגעלאָזען , פלעגט דעם קדמונ'ס מח דאָס אויסהערען , נישט פאַר דעם , נישט געגען דעם גאָרנישט ענטפערן , פלעגט פויל און אָהנמעכטיג , אונגלויביג און אָבגעלאָזען זיך אויפהויבען און אין וועג זיך לאָזען . אויף אַ שטיק צײט פערפאַלען ווערען און דערנאָך נאָך אָהנמעכטיגער , פוילער , נאָך אונגלויביגער און אָבגעלאָזענער קוים־קוים שוין צוריק צום אָנהויב צו זײנעם זיך צושלעפּען , און מיד , און טעמפּ , און שווער אין יאוש אַנידערפאַלען .

---

III

און וועלטען־דורות אָהן זינען , גאונים־כחות אָהן מעשים , גרויסע לעבענס אָהן ממשות און לעגענדעס־וועלטען אָהן בילדער זענען אַזוי זיך איבער'ן קדמון , איבער זײן טומפּקײט און אָהנגעפיהל אַריבער און פאַרבײגעגאַנגען, ביז . . . ביז דער קדמון האָט אײנמאָל מיט אַמאָל דער־זעהען און גרינדליך פערשטאַנען, אַז ביי זיך און אין זיך האָט ער פאַר זיך גאָרנישט , אַז נישט אין זיך וועט ער זיך געפינען . ער האָט גרינד־ליך פערשטאַנען און מיט דער טיעף פון זײן האַרצען דערפיהלט , אַז ער אַליין איז קאַרג פאַר זיך , אַז ער אַליין געהט זיך איבער , אַז ער אַליין קען זײן אײגענע מאָס נישט זײן און . . . אַז ער און אַלעם אויסער איז אויסער איהם . . .

און געוועזען איז דאָס אַזוי : — אײנמאָל נאָך אַ שווערען , מידען און פערפלאָנטערטען טראַכטען , נאָכדעם ווי מידע מחנות אונזיניגע און

טומפּע רעיונות, איינס דאָס אַנדערע נישט איבערוואַרטענדיג, האָבען אָהן סדר איינס אויף דאָס אַנדערע זיך געלאָזט, איינס אין אַנדערן זיך געטשעפּעט, זיך געדרעהט און פערפּלאָנטערט און אונזיניג ווי אַ וואָרים=פּלאָנטער איינס אויפ'ן אַנדערן געקראָכען און דעם קדמון דעם מח איבערפולט, — פּלוצים און מיט אַמאָל האָט דאַמאָלס דער קדמון זיין מחשבה אָבגעלאָזט, דעם שוין אָנגעטראַכטען מחשבה=פּלאָנטער אין מח אַליין געלאָזט און אַליין, ווי נישט אין זיין רשות זאָל דאָס פּאָרקומען, האָט זיך אין דער זייט אַוועקגעשטעלט. דער אַליין איבערגעלאָזענער מחשבה=פּלאָנטער האָט אַ שטיקעל צייט נאָך, נאָך געאָרנישט וויסענדיג, זיך דאָרט געווידמעט, געדרעהט זיך און געפּלאָנטערט, נאָר באַלד אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז עפּעס האָט אויפגעהערט, אַז עפּעס קומט שוין מעהר נישט צו — איז ער אָבהענדיג שטיל געוואָרען און רוהיג=וואַרטענדיג ליגען געבליבען. און אַזוי, אפילו פאַר זיך אַליין נישט בעמערקט, האָט ער זיך פון זיך אויסגעלאָזט.

און דערפיהלט האָט אין זיך דער קדמון דאַן עפּעס אַ מין זעלטענע גרינגקייט, אַזוי ווי די וואָג פון זיך אַליין און זיך אַליין געוואויגען, ווי אַ האַרץ אַליין פאַר זיך, ווען דאָס איז קיין זאַך און קיין זאַך דעם איז נוגע... און דערפיהלט האָט ער, אַז גרינג, איידעל און נעבעלדיג הויבט זיך דער איידעלער מהות זיינער אויף, טהוט זיך אָב פון זיך, לאָזט זיך איבער און אין אַ שטילען, קוים=הויבענדינען געדאַנקען=נעבעל געהט איבער, — הויבט זיך נעבעלדיג, בעוועגט זיך שטיל, נעבעלדיג צושפּרייט זיך, אַזוי צוגעהט און בלייבט נישט: — אָהן=אָרטיגער, אָהן=פאַרביגער און אָהן=געשטאַלטיגער גאָרנישט, נור אויף דעם גאָרנישט און ערגעץ ווייט=ווייט אויף איהם שטעקט עפּעס, רוהט עפּעס—קוים דאָס אָנצוזעהן, דאָך עפּעס — זיין בעוואוסטזיין.

און גערוהט האָט דאַמאָלס אין קדמון אַזאַ שטילקייט, וואָס די שטילסטע און טיעפסטע נעכט, די איינזאַמסטע און ווייטע=ווייטע מדבריות און די ריינסטע און הייליגסטע פריהמאָרגען=הימלען האָבען פון אַזאַ שטילקייט קיין השגה, האָבען פון אַזאַ שטילקייט אפילו קיין מסורה.

און געפיהלט האָט זיך אין דער שטילקייט, אַז דאָ דאַרף זיך איצט צום ערשטען און לעצטען מאָל אַ ערשט און לעצט וואָרט זאָגען; געפיהלט האָט זיך, אַז עפּעס נאָך קיינמאָל נישט=געוועזענעם און אויף אייביג=פערפאַלענעם דאַרף זיך דאָ איצט אָבטהון.

ס׳איז קיינמאָל שטילקייט נאָך אַזוי שטיל און טיעף נישט געווען; ס׳איז נאָך קיינמאָל שטילקייט אַזוי אונגעהויער אונענדליך און גרענצלאָז נישט געווען — דאָך האָט שטילקייט נאָך קיינמאָל נישט ווי דאַמאָלס זיך אַליין אַזוי אַרומגענומען און בענומען, דאָך האָט נאָך שטילקייט קיינ=מאָל נישט ווי דאַמאָלס איהר אייגענע אונגעהויערקייט ביז די אייגענע וואָרצלענהאָהר אַזוי דורכגעדרונגען און פערשטאַנען... טיעף און שאַרף ביז מח=וועהטאָג, גרינדליך און טיעפזיניג ביז אָבגרונד און אונזין האָט זיך די שטילקייט פערשטאַנען דאַמאָלס.

אונענדליך פערשטאַנען האָט די שטילקייט אונענדליכקייט — נור נישט מעהר; גרענצלאָז=גרענצלאָז בענומען האָט זיך דאַן די שטילקייט — נור מעהר נישט: מעהר איז נישט געווען, מעהר איז זי נישט גע=וועזן, מעהר האָט נישט געקאָנט זיין!... געאַרט האָט דאָס דער שטילקייט און זי האָט נאָך שטייפער דעם מח אָנגעשטרענגט.

און דערפיהלט האָט די שטילקייט, אַז די גרויסע, גרויסע ברירה=רגע דערנעהערט זיך, און — אָדער זי אַליין דאַרף אין דער זייט זיך אַוועקשטעלען און דאָס, וואָס געשעהן דאַרף, געשעהן לאָזען און אייביג שטיל ביי איהר אייביג שטילער מיינונג וועגען דעם בלייבען, — אָדער — גאָרנישט א ו י ס ע ר ז י ך נישט אַרויסלאָזען, נאָר גרויס און אייניג ביי איהר אייגענער גרויס און אייניגקייט בלייבען און מיט זיך אַליין נאָר, מיט איהר אונגעהויערער אייניגקייט אַזוי אויף אייביג, אייביג שטעהן און שטעהן... און געפיהלט האָט די שטילקייט, אַז אויב אויף נאָך איין האָהר שטרענגט זי נאָך איהר מח אָן, אַזוי תיכף, אין דער אייגענער רגע, מיט אַמאָל פּלאַצען וועט ער און — מיט איהר גאַנצער אונגעהויערקייט וועט זיך פון איהרע טיעפסטע טיעפענישען אָנ׳=אייביגער משוגה=גוואַלדיגער ריטשע אַרויסרייסען און אייביג ווילד און משוגה וועט דער אייביגער ווילדער און משוגה׳דיגער ריטשע מיט אָנ׳=אָפען מויל שטעהן און ווילד און אייביג, אייביג און ווילד נאָר ריטשען, ריטשען און ריטשען... אייביגער געשריי... אייביגער געוואַלד... אייביגע משוגעת... — ... מורא דערפאַר האָט די שטילקייט געקריגען, זי האָט דעם שטייף אָנגעשטרענגטען מח אָבגעלאָזען און אויף דעם, וואָס געשעהן דאַרף און זאָל, ווי שוין בעשטאַנען און שטיל און רוהיג דערויף געוואַרט... — רוהיג, רוהיג און גאָלע רוה... שטיל און שטילער און קדמונ׳יש שטיל...

ווי בײַ אַ זײַט , ווי עמיצען אַנדערש , נישט איהם , זאָל מען דאָ מיינען — איז זיך דער קדמון געלעגען , געוואַרט און אַרויסגעקוקט . און אין איהם געוואַרט האָט די גרויסע , פון קיין שמועה נאָך נישט געהערטע , פון קיין אויער נאָך נישט בעריהרטע , די נאָך פ א ר־מעשי־בראשית שטילקייט , גרויס , שטיל און פערהוילען האָט זיך דאָס גרעסטע פערהוילענסטע און שטילסטע דערנעהנט .

ס'איז פון ערגעץ אויסער דעם קדמון צו איהם נאָך אַ שטילע שטילקייט צוגעגאַנגען נאַכטיש שטיל . . . נאַכט געהיים און נאַכט פער־הוילען , נאָר אויך אַזוי ווי שפעט בײַדערנאַכט טיעף אין מח און אין האַרצען — אַ ליעבעס פאָרגעפיהל פון אַ באַלדיגען פריהמאָרגען . . . דאָס איז די מאַמע פון אַלע שטילקייטען געווען , דאָס איז די געטרײַסטע פון אַלע שטילקייטען געווען , דאָס איז דער ערשטער און געטרײַסטער שליח אין ערשטע און גרעסטע שליחות צו דעם ערשטען און אומשול־דיגען געבוּר אַהער געקומען .

און צוגעקומען איז צום קדמון די שטילקייט , האָט זיך בײַ זײַן קאָפּ אַוועקגעשטעלט און שטיל און געטרײַ אויף איהם קוקען אָנגעהויבען . מוטערליך־ערנסט , מיט פערלעגטע הענד אויף דעם האַרצען און מיט אַ קוים־קוים שמייכעלע אויף די ליפען איז די מאַמע־שטילקייט בײַם קדמונ'ס צוקאָפּענס געשטאַנען און אויף איהם געקוקט און געקוקט .

און וואָס מעהר זי האָט געקוקט אויף איהם , אַלץ מעהר און מעהר האָט מען געזעהן , ווי אויף איהרע וויעס און שטערען געפאַהר־ערנסט און געפאַהר־אומרוהיגקייט וואַקסען און אויף איהרע ליפען אַנ־אײַנגעהאַלטענער בטחון־שמייכעל , ווי אויף אַ גוטער בשורה וואַרט און האָפּט .

פאַרזיכטיג האָט דער שמייכעל די גאַנצע צייט דעם ערנסט אין די אויגען געקוקט , ווי זיך אָנפרעגענדיג : מעג איך ? פאַמעליך־פאַמעליך , נור אַלע מאָל פלעגט זי אַ ביסעלע רשות בעקומען , זי פלעגט זיך ווייטער צושמייכלען און צופרידענער און צופרידענער ווערען . . . ערנסט , ערנסט איז דאָך נאָך די שטילקייט געבליבען , און אונטערן שטילען שלאָף־קוק פון דער שטילקייט איז דער קדמון אַנטדרימעלט גע־וואָרען . . . — אייביגע שטילקייט . . . אייביגע געבור־שטילקייט . . . אייביגעס שטילשווייגען פון גרעסטען און ערשטען סוד פון ערשטלינ־גען . . . די שטילקייט האָט בײַ דעם קדמון דעם ערשטען וועה אַרויס־

גערופען: אויפ׳ן קדמונ׳ס פנים האָט זיך די ערשטע מינע בעוויזען . . .
שטיל, שטיל — ס׳האָט זיך די צווייטע מינע בעוויזען. . .

און איבערפולט איז דאַן געוואָרען די שטילקייט מיט אַזאַ הנאה, ווי ביי אַ בראַנדיגער און שרעקליך־געפעהרליכער וואונד, בשעת זי שוין ווייך־ווייך ווערט, זיך עפענען דאַרף, און אָט־אָט הויבט זיך פיהלען אָן, ווי דער ערשטער טראָפּען שוין אַנ׳אויסגאַנג זוכט, שפּאַרט זיך, די שפּיצען הויט רייצט שוין און אָט־אָט זיך עפענען דאַרף — אָט־אָט! . . . און — אַלע שטילקייטען פון אַלע וויסטע און איינזאַמסטע נעכט, פון אַלע וויסטע און וויט פערוואָרפענע מדבריות, פון אַלע הויכע און וויטע הימלען, פון אַלע צייטען, ערטער און וועלטען איז דאַן אין דער שטילקייט געווען. און — וויפיעל ערנסט שטילקייט ביי זיך אַליין, אין אייגענעם רשות האָט און וויפיעל אייביגער ערנסט ס׳איז אין זיין און נישט זיין — אָט דעם אייביגען ערנסט און דאָס גרויסע און אייביגע אחריות פון אַלע געפאַהרען פון אַלע צייטען און דורות, וועלטען און בּרואים בשעת לידה און מיתות — האָט דאַן די שטילקייט איבערגעפיהלט און פערשטאַנען און דאָך דאָס אַלעם מיט דער קלאָרסטער און טיעפסטער דעה אויף זיך גענומען. און — אינאיינעם מיט דער דריטער מינע אויפ׳ן קדמונ׳ס פנים — האָבען זיך אין קאָפּ ביים קדמון צוויי אויגען געשפּאָלטען און האָבען מיט איהם און פון איהם אויסער איהם אַ קוק געטהון . . .

---

## V

צוויי גרויסע, שוואַרצע, ווילדע און טיעפע אויגען — צוויי גרויסע און דערשראָקענע אומשולדען . . . צוויי גרויסע שרעקליכע זינד . . . צוויי ווילדע און טיעפע עונשים . . .

אַליין די אימה — און פול מיט שרעק . . . פון פינסטערניש פּינס־טערער און פון פינסטערניש זשעדנער . . . פון אָבגרונדען טיעפער און נאָך טיעפקייט דאַרשטיגער.

צוויי יונגע, שוואַרצע, ברענענדיגע אויגען — צוויי יונגע שלאַנגען פון אַ בייזען אָבגרונד אין ווילדען וואַסערפאַל געבוירען, דורך אַ ווילדען שטורם אין וויסטער נאַכט געריבט, דורך אַ וויסטען מדבר אויס־געהונגערט, דערנאָך דורך גיפטיגע שטן־בּרוסטען אויסגעזויגען, בייז און דאָרשטיג, מעכטיג ווילד און טיגריש — אָהן קיין שום עול, אָהן קיין מסורה, אָהן איינענטימער, אָהן אייגענס, אָהן זיך אַליין אפילו . . .

צווײַ יונגע, שוואַרצע, טיפֿע אויגען, — אײן עפֿען, אײן בליק, אײנער, אײן־און־אײנציגער — אַלײן אַ ווילדער־ווילדער אָבגרונד און דאָך פֿאַר אײביגע־אײביגע אָבגרונדען דאָס ערשטע גרונד־געזעץ; אַלײן בלבול, בלבול און אונזין און . . . דער ערשטער און גרעסטער זין; אַלײן אַ שרעק, מבולבל און פֿערלווירען — און פֿאַר תהו־ובֿהו — אינהאַלט פֿאָרם און אהיזה . . .

---

און גיך, שטיל און שנעל איז דעם קדמונ׳ס ערשטער אויגען־בליק דורך דעם אונפֿאָרמיגען און אונענדליכען תהו־ובֿהו דורכגעפֿלויגען, ווי אַ גיכער און שטילער דורכפֿליה פֿון אַ שאַרפֿען מעסער־קלינג אין אַ שטי־לער טונקעלקײַט, מיט אַ שאַרפֿען און גיכען בליץ־שניט האָט ער בליץ־שנעל די אונענדליכקײַט ווי אויפֿגעשניטען.

אויף אַזאַ גיכען און גרינגען אויפֿשניט זיך נישט ריכטענדיג, איז דער אונענדליכקײַט באַלד דערנאָך ווי אַ גרינגער, קיהלער און ליעבער הנאה־ציטער דורכגעגאַנגען, נאָר פֿון געשווינדקײַט, אומגעריכטקײַט און איבער־ראַשונג האָט זי זיך באַלד עטוואָס ציטערנדיג און פֿיבעריג דערפֿיהלט: עט־וואָס קיהלבליך און באַלד הײס, אַ קעלט־דורכלויף און באַלד מיט שוויים בעשלאָגען . . . און אײדער דער תהו־ובֿהו האָט זיך אַ ריהר געטהון, וואָס מיט איהם איז געשעהן צו דערזעהן, האָט דער אָרט פֿונ׳ם שניט זיך שוין אויף צווײען צוטײלט און פֿון אײביגער אָנגעשטרענגטקײַט און אויס־געצויגענקײַט — איצט דורכגעשניטען און פֿרײַ געלאָזען, — האָבען זיך די טײלען מיט אימפּעט און ווי זיך אויסגעריסען צוריק אַ לאָז געטהון און אַראָב, אין די זײַטען אַרײַן אײַנגעלאָפֿען.

און געבליבען איז דער אָרט פֿון אויפֿשניט דורך און דורך, פֿונ׳ם אָנהויב קדמונ׳ס אויגען ביז׳ן דאָרטיגען און דאַמאָלסדיגען מעגליכען סוף — פֿאַר׳ן קדמונ׳ס אויגען־קוק — פֿרײַ, לײדיג און אָפֿען.

אין זיך אײַנגעשרומפּען, בע׳רעש׳ט, פֿערטומעלט און פֿער׳חלש׳ט זענען אין בײדע זײַטען די תהו־ובֿהו־אויפֿשניטען געלעגען און צווישען זײ, אין מיטען, האָבען צווײַ טיפֿע, שוואַרצע אויגען געקוקט — אין אײן מאָס, אין אײן ריכטונג, שטאַר און גלײַך . . . און נישט געוואוסט האָבען די אויגען, וואָס איז דאָס אַזוינס, וואָס זײ קוקען, וואָס איז דאָס אַזוינס, אין וואָס זײ קוקען און, בכלל, צי קוקען זײ גאָר: נישט געוואוסט

האָבען זיי , צי זעהען זיי , צי ווערען זיי געזעהען , צי זענען זיי די זעהערס , צי דאָס זעהען , צי דער קוק . . .

---

## VI

און אָהן שיעור און אָהן ערך דורות נאָך דורות און יובלות נאָך יובלות , כח אָהן אויסדריק , פאַנטאַזיעס אָהן בילדער און טרוימען אָהן לעגענדעס , אָהן הימעל און אָהן ערד זענען אַזוי, נישט געזעהענע פאַר'ן קדמונ'ס אויגען, דורכגעגאַנגען, ביז . . . ביז דער קדמון האָט זיך דער־וואוסט , ביז דער קדמון האָט דערפיהלט , אַז די אויגען זיינע זענען , אַז דאָס , וואָס זיי זעהען , זעהט ער און אַז דאָס זעהט ער מיט זיי . און דער קדמון האָט , ווי קינדערש שפּילענדיג זיך , אַלע ווייַלע זיינע אויגען געעפענט און פערמאַכט . פערמאַכט האָט ער די אויגען און האָט הנאה געהאַט , געעפענט האָט ער זיי און איז צופרידען געווען .

---

און דורות־לאַנג אין חלשות איז דער דורכגעשניטענער תהו־ובהו געלעגען , ביז ער איז צו זיך געקומען . היציג־בראַנדיג און בראַנדיג־דאָרשטיג זענען זיינע אויפשניטען געווען, ווי נאָך אַ לאַנגען און דויערנ־דען , טרוקענעם און דאָרשטיגען מיט־בלוט־אָבגעהן . און ס'פלעגט דער תהו־ובהו די גאַנצע צייט זיין בראַנדיגע היץ אין דעם פרישען שוואַרצען שרעק פון קדמונ'ס אויגען לעשען און זיין דאָרשט — אין זייער טיעפקייט , לאַנג־לאַנג, יובלות־יובלות'ווייז און דורות, דורות גאַנצע, ביז . . . ביז ער האָט זייער פרישקייט אויסגעשעפּט, ביז ער האָט זייער טיעפקייט זיין בראַנד אָנגעטשעפּעט . און דער תהו־ובהו איז ווייטער אין בראַנדיג־דאָרשטיגען חלשות אַריינגעפאַלען . פערטראָגען איז ער געלעגען און אין בראַנדיגער גהינום־היץ פון אוקינוס'ען געטרוימט .

היציג און ווי צומישט, פערטריקענט און פער'חלש'ט האָט דער תהו־ובהו לאַנג־לאַנג נאָך אויפ'ן קדמונ'ס אויגען געקוקט, אויף זיי אַרויסגעקוקט און פון זיי עפּעס נייעס, פרישס און קיהלס געוואַרט און אַלע מאָל נאָכדעם, ווי זיי זענען לאַנג פערמאַכט געווען, אַז זיי פלעגען זיך אַנ'עפען טהון,—דערפיה־

לעֶן פלעֶגט דאָס דער תהו־ובהו , שווער פלעֶגט דעֶם שווערעֶן און היִציִ־
געֶן קאָפּ אויפהויבעֶן און מיִט היִיסעֶ דאָרשטיִגעֶ אויגעֶן זיִי אָנקוקעֶן —
קייִן טראָפּעֶן קיִהלם , קייִן טראָפּעֶן פריִשקייִט איִז איִן זיִי ניִט געֶווען . און
דער תהו־ובהו פלעֶגט זייַן קראַנקעֶן , שווערעֶן קאָפּ ווייַטער איִן יאוש
אַראָבלאָזעֶן , אַזוי אַ סך , אַ סך מאָל , ביִז ער איִז איִן גאַנצעֶן פערַ־
חלש'ט און פערטראָגעֶן ליִגעֶן געֶבליבעֶן.

און איִן דער צייַט , קיִנדעֶרש שפּיִלעֶנדיִג , האָט דער קדמון אַלעֶ
ווייַלעֶ זייַנעֶ אויגעֶן געֶפּעֶנט און פערמאַכט , ווייַטער געֶפּעֶנט און
ווייַטער פערמאַכט . פערמאַכט האָט ער זיִי — און האָט הנאה געֶהאַט ,
און געֶפּעֶנט האָט ער זיִי — און צופריִדעֶן געֶווען .

---

און די גאַנצעֶ צייַט איִז זיִך שטיל בייַ אַ זייַט די שטיִלקייַט געֶלעֶ־
געֶן און גלייַכגיִלטיִג זיִך אויפ'ן קדמון'ס צופריִדעֶנהייַט נאָקוקט , געֶקוקט ,
ביִז ס'איִז איהר אומעֶטיִג און נמאס געֶוואָרעֶן . נמאס , אומעֶטיִג און קייַן
איִנטעֶרעֶס . און זיִ האָט פון קדמון דאָס פּנים אָבגעֶקעֶרעֶווּעֶט , צו איהם
דעֶם האַלז און נאַקעֶן אויסגעֶדרעֶהט און איִן אומעֶטיִגקייַט און נמאס'קייַט
אַ בייַסעֶנדעֶ און בייִזעֶ מחשבה פערטראַכט . בייִז , פערביִסעֶן און מיִט
פערדראָס זיִך געֶטראַכט און געֶטראַכט . לאַנג , לאַנג , ביִז זיִ האָט זיִך
אייִנמאָל פלוצים מיִט אַמאָל פון אָרט זיִך אויפגעֶחאַפּט , ווי צו עֶפּעֶס זיִך
דערטראַכט און אויף עֶפּעֶס געֶפאַלעֶן . זיִ האָט זיִך מיִט'ן פּנים צום
קדמון אויסגעֶדרעֶהט , נאָך אַ טראַכט געֶטהון אַ ווייַלעֶ און בעֶשלאָסעֶן
און האַרט צום קדמון צוגעֶגאַנגעֶן .

פערמאַכט זעֶנעֶן דעֶם קדמון'ס אויגעֶן געֶווען . עֶנטשלאָסעֶן האָט
אויף זיִי די שטיִלקייַט געֶוואַרט . און אַז דער קדמון האָט זיִי אויפגעֶעֶפּעֶנט,
ווי נאָר ער האָט דער שטיִלקייַט'ס פּנים דערעֶזעֶהן , איהר עֶרנסט און
איהר עֶנטשלאָסעֶנהייַט , אַזוי באַלד פערשטאַנעֶן האָט ער , אַז עֶפּעֶס
וועט דאָ זייַן , אַז עֶפּעֶס דאַרף דאָ זייַן , אַז ס'איִז עֶפּעֶס בייִזעֶס דאָ
פערטראַכט . און ער האָט די אויגעֶן באַלד שליִסעֶן געֶוואָלט , נאָר דאָ
האָט אויף איהם די שטיִלקייַט אַ האַרטעֶן , שטרעֶנגעֶן און בעֶפעֶהלעֶנדעֶן
קוק געֶטהון : האַלט אויף ! און מיִט לייַב און לעֶבעֶן איִז שוין דער קדמון
בייַם שטיִלקייַט איִן רשות געֶווען : אָהנמעֶכטיִג און אונטעֶרגעֶגעֶבעֶן האָבעֶן
שוין ז ייַ נ עֶ אויגעֶן איִן א י ה ר עֶ געֶקוקט . . .

און מיט אַ זײַט, פֿון אונטען אַרום נאָר, נאָר מיט די עקען אויגען, גרויס, שטאָלץ און מיט פֿעראַכטונג האָט די שטילקייט אויף'ן קדמון'ס קלײנקייט, געפֿאַלענקייט און געמײנעם נבנע־צושטאַנד געקוקט. געקוקט מיט אַ זײַט נאָר, נאָר מיט די עקען אויגען און בשעת קוקען אין טויל בײַ דער שטילקייט האָט זיך אַלץ מעהר שפּײַעלץ אָנגעקליבען, עס האָט זיך געדאַכט — אָט וועט זי אַ בזוי־קוק טהון, אַ שפּײַ טהון, זיך גאָר אויסקערעווען און אַוועקגעהן.

נבנע'דיג האָט דער קדמון אויף די שטילקייט געקוקט, ווי גרײט אויף אַלעם, אַלעס צו מקבל זײַן. רחמנות האָט אויף איהם די שטילקייט געקריגען. זי האָט זיך צו איהם אויסגעקערעוועט, איהר אויגען־קוק פֿערווײַכט און רוהיג און קאַלטבלוטיג, ווי נישט איהר אינטערעס, דאָך מיט אַ גוטען און וואַרימען טאָן פֿון אַ גוטער עצה פֿון אַ קליגערן און גרעסערן צו אַ נישט־פֿערשטאַנדיגען און קלענערן, האָט צום קדמון אַזוי געזאָגט: וואָס ביסטו צופֿרידען? . . .

אומגעלומפּערטער! פֿאַר וואָס פֿרעגסט דיך ניט, וואו ביזטו, ווער ביזטו און וואָס ביזטו, נישט! פֿאַר וואָס פֿרעגסט דיך ניט, ווי און ווי אַזויער נאָך קומסטו אַהער? נישט! און וואו איז און וואָס איז דײַן תכלית?

און אָבגעקערעוועט פֿון קדמון האָט זיך די שטילקייט, מײנענדיג: בעטראַכט נאָר . . . דער קדמון האָט די אויגען פֿערמאַכט און אַ צײַט לאַנג, פֿון גאַרנישט ווינסענדיג און זיך אומשולדיג פּיהלענדיג, מיט פֿערמאַכטע אויגען איז ער זיך אַזוי געלעגען און אומשולדיג זיך געטראַכט, וואָס וויל מען פֿון איהם? וואָס האָט מען איהם דאָ געהײסען? . . . טראַכטען? וואָס טראַכטען? . . . און נאָך וואָס טראַכטען? . . . און בעטראַכט האָט דער קדמון די גאַנצע צײַט זײַן אומשולד און זײַן אומשולד איהם און בײדע זענען שמײכעלדיג און אומשולדיג צו אַ אומשולדיגען בעשלום געקומען: בײדע האָבען נישט פֿערשטאַנען, וואָס דאַרף מען דאָ פֿערשטעהן . . . און אומשולדיג זיך פּיהלענדיג, האָט דער קדמון דאָך נאָר אַ ביסעל ווי בגנבה די אויגען געעפֿענט. דערזעהען האָט דאָס די שטילקייט און באַלד אויפ'ן אָרט, בײַם ערשטען קוק, ווײַטער זײַנע אויגען געדאַפּט.

נישט עפֿענען זײַ נישט קענענדיג און יאָ עפֿענען זײַ מורא האָבענדיג, וואָלט דער קדמון אַזוי מיט אויפֿערהעלפּטגעעפֿענטע אויגען געוועזען געבליבען, ווען נישט די שטילקייט, וואָס האָט איהרע אויגען צוגענומען

און איהם ווייטער אַליין געלאָזט. מיט פערשלאָסענע אויגען, נאָר ווייטער אָהן שום מחשבה איז ווייטער דער קדמון געלעגען, געלעגען און... פלוצים...

און דערפיהלט האָט זיך מיט אַמאָל דער קדמון, ווי איינער וואָס האָט לאַנג־לאַנג פאַר עפּעס מורא געהאַט און דערנאָך מיט אַמאָל, אַז עס איז אַ נאַרישקייט, דערזעהן, וואָס ווערט בייז אויף זיך אַליין, וואָס ס'פערדריסט איהם אויף זיך אַליין און זיין איינענע נאַרישקייט הויבט אָן מוסר זאָגען; בייז אויף זיך, אויף זיך זיך וואונדערנדיג, צו זיך אַליין גע'טענה'ט און זיך אַליין געפרעגט האָט דער קדמון:

אומגעלומפּערטער! וואָס איז דאָס אַזוינס מיט דיר געווען? וואָס האָסטו מורא געהאַט? פאַר וועמען האָסטו מורא געהאַט? און וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר אַ מורא?

אומגעלומפּערטער! מיט וואָס האָסטו געזינדיגט? פאַר וועמען האָסטו געזינדיגט! און וואָס איז דאָס אַזוינס זינד? פאַר וואָס און פאַר וועמען האָסטו עס בעדאַרפט דין וחשבון אָבגעבען? —

און גוט און שלעכט צוגלייך, צופרידען און פערדראָסיג האָט זיך דער קדמון געפיהלט, ס'האָט איהם הנאה געטהון, וואָס ער איז גערעכט, און פערדראָסען האָט איהם און בייז איז ער געווען, וואָרום ער איז קיינמאָל נישט געווען אומגערעכט. ס'האָט איהם הנאה געטהון — ער האָט זיך ווי פון עפּעס אונאַנגענעהמעס בעפרייט, און שרעקליך פערדראָסען האָט איהם, פאַר וואָס ער האָט זיך ערשט בעטראַכט. און זיך אַליין דערקוטשען האָט דער קדמון זיך גענומען: פאַר וועמען און פאַר וואָס האָסטו עס תירוצים געזוכט? פאַר וואָס האָסטו דען מורא געהאַט? און וואָס איז דען דיר שלעכט געווען? שרעקליך נישט צופרידען מיט זיך אַליין איז דער קדמון געוואָרען, מיט זיך אַליין, מיט זיין אייגענעם גוף, מיט זיין שלעכטען פיהלען־זיך און אונצופרידען און בייז מיט זיין אינצופרידענהייט און בייזקייט. אייגנ איז ווי דעם קדמונ'ס גוף פאַר זיך אַליין און פאַר זיין אונצופרידענהייט געוואָרען און צום ערשטען מאָל האָט דער קדמון דאַן איברים און גליעדער אין זיך דערפיהלט — דעם קדמונ'ס גוף האָט דאַן צום ערשטען מאָל זיך ריהרען אָנגעהויבען, און דרעהען האָט זיך דער קדמון גענומען — און איז אונצופרידען געווען, בויגען און קאָרטשען זיך גענומען — זיין פערדראָס האָט געוואַקסען. און געדרעהט זיך, געבויגען, געקאָרטשעט און דערנאָך, מיט אַמאָל זיך

א-זעץ=אויף געטהון.

און געבליבען איז דער קדמון אויפ'ן אײביגען גרונד=שטײן זיצען. און ער האט פאר אימפעט אין שטילקײט פערגעסען.

---

און לאנג=לאנג האט דער קדמון די שטילקײט נישט געדענקט, ער האט די גאנצע צײט אויף זײנע איברים און גליעדער געקוקט. געקוקט, געקוקט און זײ בעטראכט. ער האט, ווי א קינד, זײנע פים, זײנע הענד אנגענומען, זײ ווי פרעמדע געהאלטען — אמאל פארזיכטיג, אמאל מיט אבשײ, וואונדער און נײגיער און מיט אמאל, גאר פלוצים, ווי זיך פאר זײ דערשראקען, זײ אבגעלאזט און זיך א חאפ געטהון. ער האט אויף די פים געקוקט, זײנע הענד בעטראכט און צום סוף צום קאפ דערגרײכט, ער האט איהם אנגענומען, געהאלטען, מיט איהם געטראכט, איהם בעטראכט און נישט פערשטאנען.

און נאך זײן קינדערש בעטראכטען זיך, האט דער קדמון קינדערש בעדענקען זיך גענומען. ער האט זיך פערטראכט, פערקוקט און אין קוק זיך פערלוירען... לאנג=לאנג, יובלות, יובלות'ווײז און דורות, דורות גאנצע.

---

## VII

און ווי דער קדמון איז זיך אזוי פערטראכט געזעסען, האט זיך איהם עפעס אײנמאל פלוצים א דאכט געטהון, ווי עפעס עמיצענס א האנד האט איהם אונטען פאר'ן אקסעל אנגעריהרט, דערנאך ארויפגעלעגט און — גלײך ווי ער וואלט שוין א געוויסען נאמען געהאט, מיט א געוויסען נאמען הײסען — איהם בײם נאמען א רוף געטהון און א וועק געטהון... איבערראשט און מיט אימפעט האט דער קדמון אין דער אײנענער רגע דעם קאפ געוואלט אויסדרעהען און א קוק טהון, נאר תיכף האט ער זיך צוריק א חאפ געטהון און זיך פערהאלטען: האלט אויף!

און נישט געקענט האט דער קדמון יענעמס האנד אויף זײן אקסעל לײדען און ער האט אונצופרידען אנ'אונצופרידענעם קנײטש זיך געגעבען. צוגענומען האט יענער זײן האנד פון קדמונ'ס אקסעל און שמײכעלדיג,

צופרידענדיג און פערזיכערט דערוויל איהם אין האלז און נאקען גע־קוקט. געפיהלט האט דאס דער קדמון. ער האט באין ברירה, בײז, מיט כעס און פערביסען געוואלט און געטראכט זיך: ווער קאן דאס זיין? און וואס וויל ער? מיט א זיכערער העזה און מיט א קאלטער און ציני־שער צופרידענהייט האט יענער ווייטער זיין האנד אויף׳ן קדמונ׳ס אקסעל ארויפגעלעגט: קערעוועֶ זיך אוים . . . געפיהלט האט דער קדמון, אז ער וועט סוף כל סוף אט דעם אונבעקאנטען און אין־זיך־פערזיכערטען כח, אט דעם שטומען, נאר געזונטען רצון נישט קענען ביישטעהן, און ער האט אהן שום ברירה, שוואך און אהן שום ווידערשטאנד זיך אונטערגעגעבען. און אויסדרעהענדיג האט דער קדמון הארט — פנים מיט פנים און אויגען מיט אויגען — מיט מעפיסטאפעל׳ן זיך בעגעגענט. אויף גיך, צוריק עטוואס א נעהם געטהון האט דער קדמון זיין פנים פון מעפיסטאפעל׳ן און אויף איהם זיינע אויגען אנגעשטעלט.

ערנסט־ערנסט, מיט גרויסע ערנסט־אויגען האט דער קדמון אין מעפיסטאפעלס אויגען לאנג־לאנג געקוקט, איהם דורכגעהמען, אין איהם אריינדרינגען און איהם פערשטעהן געוואלט. נור אזוי ווי אין א שפיגעל מיט די אייגענע אויגען אויף דעם אייגענעם מיין און אויסדרוק פון דעם אייגענעם קוק קוקענדיג, אזוי, פונקט דאס אייגענע האבען מעפיסטא־פעלס אויגען אבגעשפיגעלט: — ערנסט, ערנסט, גרויסער ערנסט, דורכנעהמען, אריינדרינגען, פערשטעהן און איבערשפיצען וועלען, נור נישט קענען . . . אויסגעהאלטען האבען מעפיסטאפעלס אויגען דעם קוק דעם קדמונ׳ס. דער קדמון האט זיינע אויגען אראבגעלאזט. און ער האט זיי נאך אמאל אויפגעהויבען.

און געקוקט האט דאן מעפיסטאפעל אויף דעם קדמון — דער ערשטער שאטען אויף דער ערשטער זאך, — ווי יעדער פערשטאנדיגער, זעלבסט־פערשטענדליכער, קאלטער און רוהיגער און שאטענדיג־גע־רעכטער מוז: דו ביזט מיין זאך, איך בין דיין שאטען; דו ביזט מיין זיין, איך בין דיין מוז; דו ביזט מיין גרויסער, אייביגער געווים, איך בין דיין אייביגער, שרעקליכער ספק; דו ביזט מיין אייביג־גערעכטע טענה, איך בין דיין אייביגער, נאר אונגערעכטער פערדראס . . .

און געקוקט האט דאן מעפיסטאפעל, ווי יעדער שאטען, ערנסט, שווייגענדיג, חידה׳דיג און רוהיג: — פון דיר אליין, פון דיין שטעהן, געהן און אויסדרעהען — זיך גענומען, ווי נאר פון דיינט־

וועגען געבוירען, דאך מעהר נישט ווי דיינע טריט היט אב און אליין פאראויס, ביי א זייט אדער הינטען געהט, שוויינענדיג — מיט זיינער אנ'אייגענער מחשבה, מיט זיינעם אנ'אייגענעם סיין, שוויינענדיגער פון דיר און קליגער פון דיר...

און איינגעקוקט האט זיך דער קדמון אין מעפיסטאפעל'ן און אזוי קוקענדיג געטראכט, בעטראכט און פערשטאנען, אז דאס האט ער איהם, מיט זיין צוריק-אויסדרעהען, אויף דער וועלט און אויף זיך גע-בראכט; ער האט גרינדליך פערשטאנען, אז ער איז איהם אייגען, אז ער איז ער אליין, זיין שרעקליך טיעפעס פערשטעהן, זיין אייגען אונמעגליכעס פערשטעהן-זיך; זיין אייבינעס אייביג זיך פיהלען און זיין אייביגעס נישט דערגרייכען זיך; זיין אייגענע מאכט און אהנמאכט, זיין אייגענער ביטערער ביטול-שמייכעל טאקי פון זיך אליין. און דערפיהלט האט דער קדמון, אז אומגעריכט האט ער זיך דא פון די אייגענע הענד ארויסגע-לאזט, אז אומגעריכט האט ער זיך דא אין א אייביג כשוף-רעדעל גע-טראפען און אין זיין אייגענעם נעץ זיך פערפלאנטערט... געשטאנען איז דאס ווערק און האט זיין שעפפער אין די אויגען געקוקט און פער-זיכערט זיך געשמייכעלט: איך בין דיין צופאל און דערפאר האסטו אויף מיר קיין שליטה... איך בין נישט דיין רצון און דערפאר העכער און איבער דיין יכולת... דו האסט נישט געגעבען און דערפאר קאנסט מיך נישט אומברייננגען... איך—בין דו....—....— און א בייזען פראגע-קוק האט דער קדמון אויף מעפיסטאפעל'ן געווארפען: נו היינט וואס-זשע ווילסטו? קאלטבלוטיג געקוקט האט זיך מעפיסטאפעל און רוהיג זיך געענטפערט: גארנישט.....—....— מיט גארנישט האט זיך דער קדמון צוריק צום תהו-ובהו אויסגעדרעהט.

VIII

און קיין טאג איז געווען, קיין נאכט איז געווארען, קיין זון איז נישט אויפגעגאנגען און קיין זון איז נישט פערגאנגען... און ס'זענען דורות אהן געשיכטע און וועלטען אהן מסורה, אהן ודוי, אהן צוואה, אהן א יורש און אהן א זכר נישט געלעבט, אזוי אבגעלעבט, געצאנקט, איינגעגאנגען און פערלוירען ג גאנגען.

און אויף בײדע ברעגען פונ׳ם אײביגען אָבגרונד זענען דאַמאָלס יועלטען־בחורים געשטאַנען און ציַיטען־בתולות אויף דער צווײַטער — גע־שטאַנען, געקוקט, אײנס צום צווייטען געגאַרט, אײנס צום צווייטען געגלוסט און אײנער צום אַנדערן נישט קומען געקאָנט. און זײ האָבען אײנס געגען אַנדערן שטײַף די הענד, גופים און העלזער אויסגעשטרעקט און מיט ווילדע אויגען, דערשטיקטען אָטעם און אויפגעעפענטע מײַלער האָט גוף צו גוף געגלוסט, האַרץ נאָך האַרץ גע׳חלש׳ט און אײנס צום צווייטען מיט לײַב און לעבען קראַמפּפיג זיך געצויגען.

און אַזוי געגלוסט האָבען זײ און אַזוי לאַנג מיט תאוה געברענט, ביז זײ זענען אַזוי גלוסטענדיג איבערגעברענט און פערטריקענט געוואָ־רען, צאַנקען אָנגעהויבען און אײַנגעהן. און אָהן חיות און אָהן זאַפט האָבען זיך זײערע הענד אָבגעלאָזט, די קעפּ אויף די ברוסטען אַראָב־געפאַלען און פערוועלקטע און פעשמאַלטע, מיט פערטריקענטען תאוה־סמאַ אויף די ליפען זענען זײ שטיל און פון זיך ווי זקנה־און נשאר־בלעטליך אום ווינטער אין אָבגרונד געפאַלען. . . . — . . . . — . . . . . . . — . . . . . . — . . . . — אין פערטראָגען איז דאַמאָלס דער תהו־ובהו געלעגען, אין היץ געברענט, מיט אַ בראַנדיגען געדאַנקען־מיש־מאַש אין מח, מיט שוין קוים־אָנגעזעהענע און אין קאָפּ פעריאָגטע אויגען־ווײַסליכער. קאָנוואולסיוו־גסיסה׳דיג אַלע ווײַלע מיט די אַקסלען געצוקט, פון היץ קוים־קוים געבעבעט און, ווי פון פרישע וואַסער־קוואַלען חלומ׳ענדיג, זיך אַלע מאָל ווי געקוקט און געבעטען . . . הא . . . הא . . . אײַן קאַלטען טראָפּען נאָר . . . אײן קאַלטען שפריץ. . . . הא . . . . הא . . . — . . . — און געבעטען האָט זיך דאַן פאַר׳ן קדמון, פאַר׳ן אײביגען שעפּפער דער היציגער פלאָנטער פון יצירה־שטאָף: — אַלמעכטיגער! צונעהם אונז! אַלמעכטיגער! בענעהם אונז! — אַלמעכטיגער! שאַף אונז, לײַד מיט אונז, פרײַד מיט אונז און גיב אונז אַ נאָמען און גיב אונז דײַן נאָמען . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . . — . . . — . . . —

און דאָס אַלעס צוזעהענדיג, איז דער קדמון דאָך צו אָט דעם אַלעם גלײַכגילטיג געבליבען און נישט בעוואונדערט האָט דער קדמון זײַן גלײַכגילטיגקײט און זיך אפילו פאַרוואָס נישט געפרעגט, גלײַך ווי ס׳וואָלט שוין בײַ איהם פון נעכטען און פון אײערנעכטען אַ גרײטער בע־שלום געלעגען פון אײנער אַ אויסגערעכענטער, פאָרזיכטיגער און

ווארענדיגער מחשבה, וואָס האָט פאַר איהם שוין אָבגעטראַכט און רוהיג-
פעסט און איבערצייגט אָט צו וואָס געקומען: — „געדענק, זאָלסט אייביג-
אייביג נאָר ביי זיך אַליין בלייבען, — ביי זיך נאָר און נאָר ביי דיין
אייביגער און אַלמעכטיגער מעגליכקייט... געדענק, זאָלסט זיך פון דיינע
אייגענע הענד נישט אַרויסלאָזען... געדענק, ווער הינטער דיינע פּלייצעס
שטעהט און דיר אין האַלז און נאַקען קוקט... געדענק, אַז דו אַליין
און אין דיר אַליין איז אַלעס, נאָר אויסער דיר איז אַלעס, אַלעס,
נאָר נישט דו!... היט זיך פאַר דיינע אייגענע ווערק!... היט זיך
פאַר דיין אייגענעם נעץ!... דיין ווערק איז דיין מוז, דיין שוואַכקייט
און דיין כפירה אין דיר אַליין...“

רוהיג-רוהיג, גלייכגילטיג און קאַלטבלוטיג איז דער קדמון גע-
בליבען. און וואָס אַמאָל אַלץ מעהר און מעהר — רוהיגער, קאַלטער
און אַפּאַטישער... און שוין נישט פאַר פאַרזיכטיגקייט אויסגערעכענט-
קייט און צוליעב אייגענע נוצען ווענען, — ניין: ס'איז איהם עפּעס ראַן ווי
שוין אַלץ איינס געוואָרען, צי וועט ער ביי זיך אַליין בלייבען, צי וועט ער
זיך פון די הענד אַרויסלאָזען; ס'איז איהם ווי אַלץ איינס געווען, צי
האָט ער עפּעס צו פערלירען און אָנצוהערען, צי ניין; צי איז ער, בכלל,
עפּעס, צי גאָרנישט... ס'האָט איהם גאָרנישט נישט געאַרט, ס'האָט
איהם גאָרנישט נישט אויסגעמאַכט, נאָר גלאַט זיך, — שוין אָהן שום סבה,
נאָר סתם זיך, — שוין אָהן שום טעם: גלייכגילטיג צו קענען, אַפּאַטיש
צו וועלען קענען, גלייכגילטיג צו אינטערעס און גלייכגילטיג צו זיין
גלייכגילטיגקייט... — ... —

ערנסט-ערנסט, פּערדאגה'ט און אומרוהיג איז דאָס פּנים פון
מעפּיסטאָפעל'ן דאָרט געוואָרען, — ווארום געפיהלט האָט מעפּיסטאָפעל,
אַז נאָך אַ ביסעל אַזוי זיצענדיג, וועלען זיך ביים קדמון שטיל-שטיל
און פּאַמעליך די וויעס אַראָבלאָזען, ער וועט שטיל-שטיל און פּאַ-
מעליך איינדרעמלען און אַנטשלאָפען ווערען און ס'וועט אַ געוועהנליכער,
נישטיגער און געמיינער חלום, נישט בעמערקטערהייט, צו איהם זיך
אין מיטען שלאָף אַריינדרעהען, וועט שוואַך, אַפּאַטיש און שלעפעריג
עפּעס פון אַ מיט וועבען אָנהויבען און אַזוי — אין מיטען, וועבענדיג —
נישט ענדיגען, אויך אַליין אַנטשלאָפען ווערען. און ס'וואָלט באַלד דער
אייביגער טמטום — דער פּוילער, מנוול'ער און אויפ'ן זכרון געשלאָגענער
אידיאָט — צום קדמון צוגעקומען, איבער זיין קאָפּ זיך אַוועקגע-

שטעלט און אידיאָטיש־מנוול׳דיג און מיאוס מיט די פּעדים פון זײַן מאוס׳ער אומגערן־סליונגע דעם קדמון בעשפינען אָנגעהויבען — און געוועןן וואָלט שוין אײביג־אײביג נאָכ׳ן קדמונ׳ס אַ ט נ ש ל אָ פ ע ן ווערען דאָס, וואָס ס׳איז געווען אײביג־אײביג נאָך פאַר׳ן קדמונ׳ס א ו י פ ש ט ע ה ן .

פאַמעליך־פאַמעליך , נאָר בײַם קדמון האָבען זיך שוין אָנגעהויבען די וויעס אַראָבלאָזען . . . צומישט ווי אין גרויסע געפאַהר־מינוטען, ווען ס׳איז קײַן מעגליכקײַט און קײַן צײַט אויף עפּעס טהון שוין נישטאָ , פערלוירען און אונבעהאָלפען האָט מעפּיסטאָפעל דאַן אויסגעזעהן : ס׳איז שוין קײַן שום מעגליכקײַט געבליבען , אויסער נאָר אַ פּלוצלינגער און צופעליגער אײַנפאַל . און פלוצים . . . ס׳האָבען זיך שטיל מעפּיס־טאָפעלס פנים און אויגען צולאַכט . . . — . . . . . — . . . . — און נישט אָנגעהויבען צו פערשטעהן האָט עס דאַמאָלס דער קדמון, ער פערשטעהט עס עד־היום נישט און וועט שוין קײנמאָל דאָס נישט פערשטעהן , ווי אַזוי און וואָס איז דאַן געשעהן : —

IX

— שווער און פול מיט שלאָף איז שוין געהאַט געווען דאָס האַרץ דעם קדמונ׳ס ; זײַנע וויעס האָבען זיך שוין כמעט אינגאַנצען געהאַט אַראָבגעלאָזט . אַ גוטער שלאָף־שמײכעל האָט שוין איבער זײַנע ליפּען געהאַט געשוועבט — און פלוצים . . . גלײַך ווי עמיצער וואָלט אין שלאָף דעם קדמון פון לאַנג שוין געהאַט אַ פראַגע געשטעלט , איהם לאַנג־לאַנג בעטראַכטען געלאָזט און לאַנג־לאַנג אויף אַ תשובה געוואַרט , און איצטער , זעהענדיג ווי ער שלאָפט אײַן , פערגעסט זיך , און איהם דערמאָהנען וועלענדיג—נישט גלײַך אין אויער , נאָר ב ײַ און נ ע ב ע ן איהם—איהם אַ פראַגע געטהון : נו ? ווי אינאײנעם מיט יענעם , מיט׳ן אײַנגענעם טאָן , אין דער אײנענער רגע האָט אויך דער קדמון זיך „נו ?״ אַ פראַגע געטהון און דערשראָקען פונ׳ם וואָרט און אינאײנעם מיט׳ן וואָרט זיך אַ וואָרף געטהון , אויפגעכאַפּט און נישט פערשטאַנען : „נו ? — וואָס „נו ?״ האָט דער קדמון אין אימפּעט זיך צוריק אַ פראַגע געטהון . נישט פאַר וואָס און נישט פאַר ווען , נאָר דער קדמון האָט זיך ווי עפּעס אין זיך אַלײן פערדרעהט און נאָך מעהר זיך איצט נישט פערשטאַנען . . .

דער קדמון האָט פון מורא פאַר זיך אַליין ציטערן אָנגעהויבען . . .

און ווען ער האָט זיך באַלד געוואָלט צוריק חאַפּען, זיך אין די הענד נעהמען, פון זיין צומישטקייט און נישט־פערשטעהן — זיך בעפרייען, דאָס צו נישט מאַכען און מיט אויפהערען טראַכטען דאָס אָבלאָזען; ווען ער האָט געוואָלט זיין דערשרעק און מורא פאַר זיך אַליין איינגעהמען און זיין פערלירען־זיך אין דעם שרעקליכען משוגעת־געדאַנק פערשלאָגען; ווען ער האָט שוין מיט קאַלטע ליפּען פאַר אימה — זיך גלאַט אַזוי, נאָר כדי ער זאָל זיין איינגען קול דערהערען — זיך אַ זאָג געטהון: ס'איז גאָרנישט, — אַ שרעקליכע קעלט און היץ האָבען זיך איבער זיין גוף צו־לאָזט, ער האָט דערפיהלט, ווי ס'האָבען זיך זיינע אויגען פול מיט שרעק געעפענט, ווי אויף זיך אַליין זיך אָנגעשטעלט, אַליין דערשראָקען און איהם געשראָקען: וואָס „גאָרנישט?" . . . — . . . . . — אין דער רגע האָט דער קדמון זיין מח און זיין מח איהם פערלוירען. ער האָט אַ שרעק־ליך־קאָנוואולסיווען ציטער געטהון און אין דער רגע טאַקי דערפיהלט, אַז, אויב ער וועט נאָך איין רגע ביים געדאַנק וועגען זיך אַליין נאָך האַלטען, אַזוי רייסט זיך דאָרט ביי איהם אין מח דאָס לעצטע אָב, אַזוי אין דער איינענער רגע ער פאַר זיך פערשוואונדען ווערט און שוין אויף אייביג־אייביג פאַר זיך פערלוירען געהט . . . שלעכט האָט דאַן גע־האַלטען דער קדמון: ער האָט קיין מינדסטע ראיה פאַר זיין איינענעם זיין נישט געהאַט, חוץ די גרוילשרעק פאַר זיך אַליין; ער האָט שוין קיין שום פּינטעלע אָנהאַלט פאַר זיך אין זיך נישט געהאַט אויסער דעם געדאַנק, אַז ער דענקט גאָרנישט, אַז ער דאַכט זיך נאָר, אַז ער איז גאָר נישטאָ און מורא האָט ער נישט פאַר זיך, נאָר פאַר זיין מורא . . . .

און אום צו אָבטשעפּען און צו בעפרייען זיך פון זיך אַליין, און אום צו איבערציינען זיך אין זיך אַליין, — געמוזט האָט דאַן דער קדמון אויף עפּעס אַנדערש מיט זיין אויפמערקזאַמקייט זיך איבערטראָגען, מיט זיין אויג דערויף זיך אָבשטעלען, מיט זיין אויער אין דעם זיך איינהערען, אין דעם זיין מחשבה אַריינטהון און מיט דעם זיין מחשבה פערנעהמען. קיי־נעם און קיינעם האָט אָבער דער קדמון פאַר זיך נישט געזעהן. נאָר באַלד האָט ער זיך אָבער אין מעפיסטאָפעל'ן דערמאָהנט . . . .

און אויסגעדרעהט האָט זיך דער קדמון אַרונטער מיט זיין רעכטער זייט — מעפיסטאָפעל איז נישט געוועזן, מיט זיין לינקער זייט — מע־

פיסטאָפּעל׳ן האָט ער נישט געזעהן . און ער האָט זיך מיט די הענד אין גרונד-שטיין אָנגעשפּאַרט , זיך אויסגעדרעהט און די גאַנצע יענע זייט בעקוקט ; נור קיין שפּור, קיין זכר . . . ווארום נאָכגעדרעהט הינטען אַרום האָט זיך מעפּיסטאָפּעל דעם קדמון , די גאַנצע צייט האַרט זיין האַלז-און-נאַקען געהיט און זיך נישט געוואָלט מיט איהם פּנים אל פּנים בעגעגענען .

פון זולכען יענעם האָט דער קדמון אויף אַ ביסעל זיך פערגעסען: ער האָט זיך צוריק אויסגעדרעהט , אויף זיין אָרט אַנידערגעזעצט און , נישט האָבענדיג און נישט וויסענדיג , וואָס צו טהון , האָט ער זיך אַזוי תמימיש-קינדעריש פערקוקט און מיט זיין אויער פאַר דער שטילקייט זיך פערהאַלטען . . .

X

און פול מיט אַנ׳אויג , פול און פול מיט זיך איז דאַן די שטיל-קייט געווען און איז דאָך זיך נישט איבערגעגאַנגען . און געווען איז דאַן די שטילקייט אַליין די בלינדקייט און גאָלע אויג , אַליין די טויבקייט און גאָלע אויער . געווען איז דאַן די שטילקייט איהר אייגענער העכסטער און דייטליכסטער אויסדרוק , דאָס לעצטע וואָרט וועגען זיך אַליין . . .

און געשטאַנען איז דאַן די שטילקייט גרענצלאָז לייַדיג און אונענד-ליך שוויַיגענדיג : — אַזוי בין איך , אַזוי שוויַיג איך , אַזוי געגעבען , אַזוי גענומען , אַלע אינהאַלטען אין מיר און איך קיינעמס אינהאַלט , אַלע השגות אין מיר און איך קיינעמס נישט השגה . . .

און אויסגעזעהן האָט דאַן די שטילקייט ווי נאָך פאַר-פאַר אַלעמען און ווי שוין נאָך-נאָך אַלעמען : — געווען איז אין איהר דאָס געשפּאַנטע שווערע אָטעם-האַפּען , וואָס פאַר יצירה און די פוסטקייט פון דער-נאָך . . . און אָט פאַר דער שטילקייט האָט זיך דער קדמון מיט׳ן אויער פערהאַלטען , ער האָט זיך אין דערין איינגעקוקט און צו דעם זיך צוגעהערט .

און געדאַכט האָט זיך דעם קדמון , ווי צוליעב איהם , ווי איהם דער עיקר מיינענדיג , איז עפּעס די שטילקייט וואָס אַמאָל ווי שטילער און שטילער געוואָרען . אַנטשוויגען איז געוואָרען די שטילקייט אויף דער

גאַנצער גרויס פון איהר אונגעהויערן שמח . . . און מיט איהר אייביג=שטילער ווײַט אויף איהר אייביג=שטילער ברייט און לענג , מיט איהר אונגעהויער שטיל=שווײַגען אויף איהר אונגעהויערער טיעפזיניגקײַט — פאָרגעשטעלט האָט מיט זיך דאַן די שטילקײַט — זיך אַליין : דעם איין=און=איינציגסטען ווירקליכסטען אמת , די איין=און=איינציגסטע אמת׳ע ווירקליכקײַט , וואָס איהר גרעסטע ראיה איז איהר אייגענעם זײַן , וואָס איהר גרעסטער בעוויַיז איז זי אַליין . . .

און מיט איהר אייביג=שטילער ווײַט אויף איהר אונגעהויערער הויך און טיעף , מיט איהר אייביגען שווײַגען אויף איהר אייביגען מיינען , מיט איהר אייביגער קלוגשאַפט אויף איהר אייביג ליידיג=זיצען — פאָרגעשטעלט האָט מיט זיך דאַן די שטילקײַט — די אייביגע , ערשטע און גרעסטע כפירה , די אייביגע כפירה אין ערשטע ; און אין גרעסטען ; די טיעפסטע און שטילסטע כפירה , וואָס איהר גרעסטע ראיה איז דאָס , וואָס יענער איז יאָ דאָ , און זי דאָך דענקען — לייקענען קאָן — און דענקט , שמייכלען כפירה׳דיג קאָן — און שמייכעלט : „גלייך ווי נישטאָ“ . . . די שטילסטע און טיעפסטע כפירה , וואָס איהר גרעסטער בעוויַיז איז יענער אַליין , דאָס וואָס ער איז שוין , דאָס וואָס ער מוז שוין , דאָס וואָס ער קאָן שוין נישט נישט זײַן . . .

. . . דער קדמון האָט זיך נישט וועלענדיג , ווי פון אַנ׳אונאַנגענעהמער מחשבה , אַ טרייסעל געטהון .

און ווײַטער אונגעהויער שטיל געשוויגען האָט די שטילקײַט . שטיל געשוויגען , צו דעם קדמון געקוקט , מיט איהר גאַנצער גרויס זיך צום איהם צוגעהערט און מיט זיך אין גאַנצען איהם אָנצוהערען געגעבען . . .

און אָט דאָס האָט די שטילקײַט שטיל=שווײַגענדיג געמיינט : — אָט דאָס וואָס דו הערסט , אָט דאָס וואָס דו זעהסט , איך , איך שטילקײַט , בין איצט , בין פון אייביג=אייביג אָן געווען און וועל אייביג=אייביג זײַן . אויסער מיר איז נישט געווען . . . איז נישט . . . און וועט נים זײַן — נישט דו , נישט עמיצער , נישט קיינער . . . — כמעט און שאַרף האָבען זיך דעם קדמונ׳ס אויגען טיעף אין קאָפּ אַרײַנגעצויגען , מיט האַרט געשלאָסענע צייהן און ליפּען פערדראָסיג אייַנגעשרומפּען האָט זיך דעם קדמונ׳ס פנים , און די גאַנצע צײַט זיך כמעט און אימה׳דיג געמינעט . אָנגעשטעלט האָט זיך דער גאַנצער גוף דעם

קדמוֹנ'ס און אַלע רגע גרייט אויף אויפשפּרינגען געווען.

גלייכגילטיג האָט דאָס אַלעם די שטילקייט צוגעזעהן און גאַנץ רוהיג זיך ווייטער ביי איהר גלייכגילטיגקייט געבליבען. שטיל געשוויגען האָט די שטילקייט, שטיל־שווייגענדיג געלייקענט און לייקענענדיג געמיינט: נישט! דו ביזט נישט געווען... דו ביזט נישט... און וועסט נישט זיין... איך, איך שטילקייט בין דיין כפּירה!... איך, איך שטילקייט לייקען אין דיר!...— איך, איך בין פון אייביג־אייביג אָן געווען, בין איצט און וועל אייביג־אייביג זיין. ווער קען מיך אָבלייקענען?... ווער קען מיין כפּירה זיין?... ווער?!— אַ גרויסע און ביזע אימה, ווי דאָס פּעדערשטע, אימה'דיגע און גרויסע ביזקייט פון אַ שטורם־וואָלקען, האָט איבערן קדמוֹנ'ס שטערן און וויִעס זיך אָנגערוקט. נאָך קרעפטיגער און שטייפער זענען זיינע גליעדער אָנגעשטעלט געוואָרען. בייזע היץ און גרימצאָרן האָבען פון קדמוֹנ'ס פּנים און אויגען געזעצט, ער האָט אַ שרעקליכען ציטער געטהון און מיט'ן גוף קרעמפּפּיג זיך צו דער שטילקייט צו זיך אַיילאָז געטהון און אין דער איינענער רגע, אַזוי אָנגעשטרענגט, ווי פּערשטאַרט געבליבען.

רוהיג און פּערזיכערט אויפ'ן קדמוֹן קוקענדיג, האָט די שטילקייט נאָך אַמאָל איהר פראַגע איבערגע'חזר'ט: ווער קאָן מיך אָבלייקענען? ווער קען מיין כפּירה זיין? ווער?!" און, ווי זיך רייצענדיג און להכעיס, שטיל, קאַלט און שפּאָטיש דעם קדמוֹן נאָך אַ פרעג געטהון: אפשר... דו?—נישט אויסגעהאַלטען האָט שוין דאָס דער קדמוֹן. ער איז אין איין רגע אויפ'ן גרונדשטיין אויפגעשפּרונגען... ער האָט אַלע וועלטען און דורות מיט איין אויגענבליק דורכגענומען און, ווי אַ ערשטער אין מעכטיגער דונער פון אַ יונגער און פרישער מאַי־ברוסט, האָט זיך פון קדמוֹנ'ס האַרץ דאָס ערשטע קול און וואָרט אַרויסגעריסען: איך!!! די שטילקייט האָט נצחוֹנ'דיג שטיל־שמייכלענדיג זיך אָבגערוקט: — איך! — דער קדמוֹן האָט זיך אַרויסגעזאָגט, וואָרום... דער ערשטער אַטאָם האָט אין דער רגע דעם צווייטען בעגעגענט!



# גָאט און זַיין טָעות .

גאָט רופט מיך ! . . . איך געה , איך געה ! . . .

---

אַ שטומער צער דורך נעדיכטע ברעמען פון אַלטע דורות קוקט צו מיר , שטום בעט ביי מיר : געפין פאַר מיר אַ וואָרט . . . שטום אויף דער שוים וויזט ער אָן מיט'ן טייטפינגער — דאָרט האַלט זיך עפּעס שרעקליכעס : „געפין דערפאַר אנ'אָרט" . . .

אַלטע דורות ! כ'ווייס , וואָס איהר דאָרט טראָגט . איהר טראָגט אין אייער שוים אין דער אויסגעלאָשענער די שאַנדע , די חרפּה פון אַדני . . . דאָרט ליעגט ביי אייך דער אָרט , דער פערשמירטער , דער פערבלוטיגטער , פון וועלכען ס'איז אַרויס דער ממזר , וואָס די צייט האָט צו אַדני געבוירען ; דער ממזר , וואָס די מענשען ל ע ב ע ן רופען איהם . . .

דאָס איז מעפיסטאָפעלס אַ שפּאַס .

און געוועזען איז דאָס אַזוי : —

מעפיסטאָפעל האָט כביכול'ן אַמאָל פערשלעפערט און האָט איהם צופוסענס די צייט איהם צוגערוקט . . . כביכול האָט זי אומגערן , אין שלאָף מיט אַ פוס אָנגעריהרט . . . עס האָט זיך איהם אין שלאָף עפּעס לייבליכעס דורכגעוואָרפען . . . זי האָט זיך צו איהם נעהנטער צוגערוקט און שטיף צו איהם זיך צוגעטוליעט . ער האָט זי אַ מענשליכען , אַ פליישיגען גלעט געטהון . . . ער האָט אַ תּאוה'דיגען ציטער געטהון . . . און האָט זיך אויפגעכאַפּט — אין אַ וועלט און מיט אַ וועלט . . .

פון דאַנען הויבט דאָס קינד אָן צו פרעגען . אַ פראַגע פון אַ באַרג מיט אַ קייקעלע , אַ חלל מיט אַ ריגגעלע און אַ גאָר מיט אַ גאָרנישט : — שטעלט דער באַרג זיך צונויף נאָר פון קייקעלעך , פאַר וואָס=

זשע הײסט ער באַרג? איז דער באַרג אַ באַרג, נאָך וואָס־זשע טויג איהם קײַקעלעך?

ביזטו, טאַטע, דאָס רינגעלע, איז דאָס אינװײניגסטע נישט דײַנס; ביזטו דאָס, וואָס אינװײניג, איז די האַנד נישט דײַנע...

בין איך, טאַטע, גאָרנישט, וואָס־זשע בין איך? בין איך, טאַטע, גאָר, וואָס בין איך?

טאַטע! אויב איך אַ ממזר בין, וואָס ביזטו פאַר אַ גאָט? אויב־זשע איך אַ קינד בין, וואָס ביזטו פאַר אַ טאַטע? —...—

און ביי די שאלות איז דאָס קינד געבליבען.

און די צײַט, די מאַמע זײַנע, הויבט איהם אָן אײַנצורײַדען, אַז ער איז אָהן אַ טאַטען אויף דער וועלט געקומען... און זי איז אַ געטין געוואָרען, אַ בעשטענדיגע ליכט ברענט ביי איהר און בעלײַכט איהר פּנים — און זי שעמט זיך גאָרנישט...—

גאָט׳ס שאַנדע! דו האָסט אַ טאַטען! איך וועל דיר איהם אומ־קעהרען! איך וועל אײַך אײַנס אין אַנדערן נישט לאָזען פערגעסען: דיך אין איהם און איהם אין דיר...

אַלטע דורות! איהר זוכט אַנ׳אָרט פאַר׳ן אָרט? איך האָב אײַך געוואָלט זאָגען: אויף אַ סמיעטניק ערגעץ אויף יענער וועלט פערוואַרפט עס... נור נײַן!

אַזוי זאָל זײַן: —

אַלע פריהמאָרגען, ווען דער מאָרגענשטערן געהט אויף, ווען אויף כביכול׳ס פּנים אַ מנוחה, ווי נאָך מעשי בראשית, רוהט; ווען אַ טיעפע שטילקײַט, ווי אײַביגקײַט, איז צום כסא־הכבוד געקומען הערען, הײליג הערען און הײליג שווײַגען; ווען מלאכים גרויסע און גרעסערע, קלײנינקע און פּיצינקעלעך שורות׳ווײַז ליעגען, הענגען, שוועבען, שמײ־כלענדיג מיט ווײַסע הײליגע שטראַהליכלעך, וואַרטענדיג אויף דער גרוי־סער מינוט פון שירה; נײַע אָנגעקומענע, אײדער זײ צום כסא־הכבוד קומען, טובל׳ען זיך אין רײנע, קלאָרע, ווי מירמעלשטײן, קרענעצקעס פון נײַגעבוירענע נשמה׳לעך, פליוסקען זיך מיט די פוליגע ווײַסע פליגע־לעך אין טײַכעלעך פון זים געזאַנג, אין שטיל־שווײַגענדיגער לופט פון קדושים, — זײַט גרײַט, איהר אַלטע דורות, מיט דעם טמא שטיק־פלײש!! אָט באַלד וועל איך דאָס דאַרפען!!

ש אַ אַ אַ... מיכאל האָט אַ ווינק געטהון, גיך, געשווינד און

נאָך גיכער . . . שטיל און שטילער און מיט אַ שטילקייט פון געליבטע שוועבען צו צום כסא־הכבוד די מלאכים׳לעך. איינס צום צווייטען טוליעט זיך — אַ פליגעל צו אַ פליגעלע , אַ אַקסעל צו אַ אַקסעלע און פנים צו פנים און האַרץ צו הערצעל . אַ פּעדימעל פון געטליכען שלום שנירעלט זיך דורך זייערע אַלע הערצעלעך דורך : — איין האַרץ איז שוין ביי זיי . ליבגעוואַרטע האָפנונג שטראַהלט פון זייערע אויגלעך אוים : — איינס זענען זיי . גאָט האָט אַ ווייס־זיידענעם פּאָדים פון חסד אַרום זיי אַרומ־גענומען . . . זיי זענען אין אַ עיגול . . . און ער איז דאָס פּינטעלע , דאָס מיטעלסטע . . . ער קוקט אויף זיי און זיי אויף איהם . . . ער שטראַהלט אויף זיי און ווערט בעלייכט פון זיי . . . שאאַאַ . . .

מעפּיסטאָפעל האָט די ברעמען אָנגעברוגזט . — און עס צאַפּעלט אַ געזאַנג — אַ ריין כשר מיידעל , וואָס קיין מאַן , קיין אויער האָט זי נישט בעלייבט , געהערט . . . הערט ווער ס׳איז אַ זוכה ! די מלאכים׳־לעך זענען אויערלעך געוואָרען . . . די מלאכים׳לעך זענען אויגעלעך געוואָרען . . . ס׳איז איין שטיק „הער“ , ס׳איז איין שטיק „זעה“ . . . פּאַר גרויס מתיקות האָבען זיך כביכול׳ן די וויעם אַראָבגעלאָזט , ער האָט די אויגען פערמאַכט און איז אַריינגעפאַלען אין די שטילע ברוסטען פון בירוואַנאַ . . . שאַ . . . שאַ . . . קדוש ! קדוש ! ! קדוש ! ! ! גיט אַהער די טמא שטיק פלייש , איהר אַלטע דורות ! גיך , גיך ! קוקט ! — איך האָב זי אויפגעהויבען און גלייך כביכול׳ן געגען פנים זי אַ שטעל געטהון . עס האָט אַ מיאוס בלוט־בראַנדיגער פלעק איהם זיך אויפ׳ן פנים בעוויזען . . .

אַ סליונע־קוש פון אַנ׳אַלטען נואף איז געפאַלען אויף רויזען־ליפּען , בעפרישטע מיט ליבע־טוי פון אַ כשר׳ער צנועה׳דיגער כלה . . . מעפּיסטאָפעל׳ס שטערען האָט זיך אויסגעלייטערט . . . איהר זעהט , וואָס דאַרטען טהוט זיך ? כביכול האָט זיך פון זיין שטוהל אַ הויב געטהון . אַ שטומער ברום אַ שרעקליכער שטורמט , ברויזט , זידט און רייסט זיך פון זיין ברוסט . . . שוימט , זידט און רייסט זיך פון זיינע צונויפ־געשרומפּענע ליפּען , עס דאַכט זיך , אַט מאַכט ער פון אַלעם תהו־ובהו . . . נור שרעקט אייך נישט ! ער האָט אַ קוק געטהון , דערזעהן און איז איינגענומען . . . ער איז אָהנמעכטיג צוריק אויף זיין שטוהל געפאַלען , דעם קאָפּ אויף דער ברוסט אַראָבגעלאָזט . עלענד איז ער . . . די קליינע מלאכים׳לעך דעקען מיט מיט די ווייסע פליגעלעך די פּער־

רויטעלטע פּנים׳לעך פּאַר בושה און רוקען זיך אַרונטער , גרעסערע
— מיט מעהר העזה—פרעגען מיט די אויגען : קדוש ? קדוש ? קדוש ? —
מיכאל איז צוגעפאַלען צו דער ליעבהאַרציגער שכינה מיט אַ געוויין :
וועה , וועה . . . וועה איז אויף דעם חרבן . . . און מעפּיסטאָפעל
לאַכט און שאַלט און קנאַלט און דונערט אויס אַ פייעריג געלעכטער :
חאַ-חאַ-חאַ . . . וואָס זאָגט איהר צו דעם בנין ? . . .



# מַעֲרִיב.

ס'איז נאַכט געוואָרען, און דער גרויסער נאַכטפויגעל, דער „ער״, איז, ווי צו זיין נעסט, צו אונזער וועלט איצטער פון ווייט, פון ווייט, פונ'ם טאָג אָנגעקומען, אָנגעקומען און פאַרזיכטיג, מיט לאַנגזאַמער און געטרייער געדולד, פערטראַכט און ערנסט זיך אַוועקגעשטעלט. אינווייניג איצטער אין דעם נעסט — אין דער פערטראַכטער אָווענד-טונקעלקייט — די „זי״, די שטילקייט, זיצט, זיצט און טייבעלש-שטיל, מיט ברייט-צונומענע, גרינגע און ליעבע מוטער-פליגעל די ערד איצטער, ווי נאָך נישט קיין אויסגעזעסען נעסט-פויגעלע, וואַרימט... און בעשלאָסען און ערהאַבען איז איצט די שטילקייט. עס דאַכט זיך, אַז די וועלט איצט בעשלאָסען אויף איהר חרבן, אָדער ערהאַבען אויף איהר גואל וואַרט, דער וועלטס אויגען זענען איצט צו די בערג געקערעוועט. גלייך ווי פון דאָרט איהר מבשר בעווייזען דאַרף זיך אָדער דאָרט איהר קבר זיך עפענען דאַרף...

און ס'הערט זיך איצט נאַכט צו שטילקייט צו און שטילקייט צו דער נאַכט, הימעל צו ערד און ערד צו הימעל, און אַלע אינאיינעם, אונזער גאַנצע וועלט, צו אַ צווייטער — אַ העכערער, ווייטערער און פערהוילענער — אַנ'אויער לעגט איצט צו. די צווייטע וועלט צו אַ דריטער, די צו אַ פיערטער, און אַזוי לאָזען זיך די וועלטען אין שטילער, אין הייליגער הכנעה אויף די קניה אַראָב, הויבען די קעפ און די אויגען אויף און — ווי הייליגקייט צו שטילקייט און שטילקייט צו שטילקייט — שטיל און הייליג הערען זיך צום הימעל צו... — ... — ... — ס'איז מינוטען פאַר דער נאַכטישער הימעל-שירה אַצינד...

פאַר'ן כסא-הכבוד איצט שורות/ווייז מלאכים שטעהען, יעדער שורה איז מיט אַ קאָפּ פון דער צווייטער העכער: שורה אין שורה, שורה

אויף שורה העכער און העכער, ביז ווייט, ביז ווייט, ביז א געטליך
אויג דערזעהען קאן . . .

און פנים׳ער זענען ביי די מלאכים אצינד — פריהמארגען-זונען, לייבער ביי זיי — יונגער, מיידעלשער, פרישער ברוסטען-לייב, פליגלען זענען ביי די מלאכים אצינד ווייסע, ווי שניי נאך-נישט-געפאלענער, שמעקענדיגע און פרישע, ווי פארטאג-ריח אין די ערשטע פריהלינגס-טעג, און פיהלענדע, ווי דער ערשטער ליעבע-אטעם . . .

און גרינג, גרינגער פון זיך אליין, איינס נעבען אנדערן, איינס אין אנדערן — עטוואס אנגעריהרט נישט-אנגעריהרט שטעהען איצטער די מלאכים נישט-שטעהענדיג-הענגענדיג-שוועבענדיג-הוידענדיג . . . גאלע אטעם, אהן אטעם. נור הערען און זעהען . . . און אין זייער שטרענגער אויפמערקזאמקייט און געשפאנטען קוקען און איינהערען זעהען אצינד אויס די מלאכים ווי אויג און אויער פון גרויסען חוב, ווי אויג און אויער פון גרויסען אונגעהויערן אחריות . . .

עס זעהען אויס די מלאכים, גלייך ווי זיי זענען פון אונגעהויערע גרויסע און אונגעהויערע ווייטע וועלטען עפעס אויף א אונגעהויער גרויסע זאך, וואס פון איהר אט די וועלטענס לעבען הענגט אב, אהער אויף אויסצוהערען אין שליחות געשיקט — הערען זיי איין ווארט נאר, איין אות, איין תנועה נישט איין, אזוי רייסען זיך באלד די וועלטען פון דער אייביגקייט אב און אויף אייביג-אייביג שוין אזוי אבגעריסענער-הייט אין דער אונענדליכקייט פערלארען געהען — — — — — —
— — ס׳איז מינוטען פאר דער נאכטישער הימעל-שירה אצינד — —

און גרויס און שטיל געהען איצט אויס די מינוטען, ווי גרויס און שטיל ס׳געהט אויס דער טאג, פארזיכטיג און שטיל קומען איצט אן די מינוטען, ווי פארזיכטיג און שטיל ס׳קומט אן די נאכט. און נעבען כסא-הכבוד שטעהט די צייט אצינד און אלע וויילע מיט איהר צויבער-שטעקען פאמעליך, לאנגזאם און שען מלוכה׳דיג פון אונטען ארויף פיהרט דורך, גלייך ווי פון ערגעץ עפעס רופט ארויס, און ארויף ווייזט אן. דאס ליעבסטע פון איהר אייגענס, פון איהרע רייגסטע און טיעפסטע אוצרות-אבגרונדען ברייגגט די צייט אצינד ארויף. אט געהט א מינוט איצט אויף שטיל, הייליג און פערהוילען, די צווייטע — שטילער הייליגער און פערהוילענער, און נאך איינע, און נאך איינע — שטילקייט הייליגקייט און פערהוילעניש . . .

און אָט איז די לעצטע — דאָס היות פון אַלע חיות'ן אויף איין אָטעם העגגט: אָט! פּלוצים . . . —

און אין איין הרף עין — און ס'האָט מיט אַמאָל פון איבער'ן כסא־הכבוד אַ שטילע, העלע און הייליג־פערגאַפּטע ליכט זיך בעוויזען . . . אַ געטליכע פּנים־ליכט, אַ קדושה־ליכט, אַ רייניגקייט . . . אַ ליכט, וואָס האָט נאָך קיין שום שיין פון קיין שום וועלט חוץ דער איינענער נישט געזעהען, שטיל און מיט אַמאָל אַ שיין געטהון און הייליג־פערגאַפּט זיך בעוויזען, מיט אַמאָל און פון זיך האָט זיך דאָס ליכט אַ שטילען גיס־אויס געטהון, די געטליכע ווייט און ברייט בעלויכטען און דעם ווייסען ווייך־פוכיגען מלאכים־שטח אַרומגענומען.

און אַ ציטער פון פאַרכטיגער פרייד און פאַרכטיגער הייליגקייט איז איבער אַלע וועלטען און מלאכים'ס גופים דורכגעגאַנגען, די מלאכים האָבען זיך אַליין, זייער אָטעם און וואָג פערלוירען און האָבען זיך אין גאַנצען אין זיך־פערגעסענדען הערען און זעהען אָבגעלאָזט . . . געטליכע ליכטיגקייט און אייביגעס שטיל־שוויינען . . . עס האָט נאָך קיין אויער אַזאַ שטילקייט נישט געהערט, אַליין די שטילקייט האָט אין איהרע אייביגע ווייטקייטען מיט די אויגען געבלאָנזשעט. אין אַזאַ שטילקייט פאָרען זיך און געבוירען זיך וועלטען . . . אין אַזאַ שטילקייט געהען וועלטען אונטער, דאַמאָלס אין אַזאַ שטילקייט טראַכט גאָט פון זיך אַליין — . . . —

און אָט אין דעם שטילען קדושה־הלשות האָט זיך פּלוצים ווייט און שטיל אַ געזאַנג דערהערט . . . פון די ווייטסטע און טיעפסטע ווייטקייטען איז דאָס געזאַנג אויפגעגאַנגען, דאָך האָבען דאָס אַלע אַזוי נאָהענט, אַזוי איינען, ווי פון'ם אייגענעם האַרצען, ווי דאָס אייגענע האַרץ אַליין געפּיהלט . . . אַזוי ווייט און אַזוי נאָהענט: יעדערער איז אַליין די ווייטקייט, אַליין דאָס געזאַנג און דאָס אויער געווען — —

דאָס געזאַנג האָט זיך פון יוגענד און פון עלטער געזונגען, אויף יוגענד און אויף עלטער געבעטען — . . . דאָס געזאַנג איז פון אַ אַלטען עלענדען גאָט געווען, בעגלייט פון אַ יונגען און צאַרטען מיידעל־ליעד — אַ יונג־בלוטיג יתומה'לע, זיין איין־און־איינציג אייניקעל, זיין פּיהרע־רערין און וועג־ווייזערין . . . און אויף דער יתומה'לעס אַקסעל זיין האַנד אָנגעלעהנט און דורך איהר געפּיהרט, געהט אַרום דער אַלטער גאָט, דער עלענדער, און אין זיין אייגענער אייביגקייט אַרום בלאָנזשעט . . . פערגעסען אין זיך אַליין האָט זיך דער אַלטער גאָט, דער עלענדער;

ער געדענקט ניִשט, ווען איז ער געוועזן און פון ווען האָט ער אויפגעהערט, וואָס האָט ער געטהון און וואָס האָט ער אָבגעטהון . . . ער געדענקט זיִך ניִשט, ניִשט זיִך און ניִשט זיַין נאָמען , ניִשט זיַין צייט און ניִשט זיַין אָרט , און אַזוֹי — דורכ'ן יתומה'לע געפיִהרט — געהט און מיִט איהר איִנאיינעם זיִנגט און רופט פון אייביִג איִן אייביִג , פון צייט צו צייט , פון איין וועלט איִן דער צווייטער : ציִ געדענקט מיִך ניִשט ווער ? ציִ ווייסט ניִשט ווער , פון וואַנען קום איך און וואוהיִן געה איִך? . . .

— — — — — — — — — — — — — —

און פון שלאָף וואַכען אַלטע-אַלטע צייטען אויף , פון שלאָף שטעהען אויף אוראַלטע , גרייז-גרויע תקופות, הויבען זיך אויף, שווער און פאַמעליִך די גרויע קעפ , ברעמען און וויִעם פון עלטער , שטויב טרייס-לען אָב , קוקען דעם אַלטען גאָט אָן , קוקען זיִך איִן איהם איין , ווילען זיִך דערמאָהנען און קנייטשען מיִט די אַקסעל : ניין , מיִר קענען דיִך ניִשט . . . ניין ניִשט דו ביִזט פאַר אונזערע צייטען געוועזען . . .

דאָס האָבען די אויפגעוואַכטע צייטען פאַר זיִך , און אויך פאַר די ניִשט-אויפגעוואַכטע , פון דער גרויסער און וויַיטער שטרעקע אָט דעם ענטפער געגעבען .

און דאָס געזאַנג — דער אַלטער, אַלטער גאָט דער פערבלאָנזשע-טער , יאושדיִג און פערלאָזען , ווי בעשטענדיִג אויף אָט אָ דעם ענטפער צו הערען גרייט , ווי געוועהנט שוין פון אייביִג זוכען און פרעגען און קיין ענטפער ניִשט געפיִנען,—האָט זיִך וויַיטער איִן דער וויַיטקייט אַוועק-געלאָזט , וויַיטער בעשטענדיִג פרעגענדיִג , רופענדיִג : „ציִ געדענקט מיִך ניִשט ווער ? ציִ ווייסט ניִשט ווער , פון וואַנען קום איִך און וואוהיִן געה איִך" . . .

— — — — — — — — — — — — — —

און ווען דער אַלטער גאָט איִז שוין וויַיט וויַיט געהאַט געוועזן , ווען פון זיינע אויסרופען האָבען צום אויער ניִשט קיין ווערטער שוין דער-גרייכט , נור ווי דאָס ווידערקול פון אַ פאַרצייַטיִגען , שוין לאַנג-לאַנג פערלוירענעם בעגעהר פון דער וויַיטקייט , — האָט פלוציִם דער אַלטער גאָט דערפיִהלט, אַז דאָס ווידער-קול—נאָר זיין קול און די ווידער-טריט—נאָר זיינע טריט חזר'ן איבער . . . ער האָט זיך פלוציִם דערפיִהלט פון זיין וועג-ווייזעריִן , פון דעם יונגען יתומה'לע אַליין איבערגעלאָזט .

שטיל , פאַמעליִך , ניִשט-בעמערקט פאַר'ן גאָט פאַר'ן אַלטען האָט

דאָס יתומה'לע זײַן האַנד פון איהר אַקסעל אַראָבגענומען, שטיל, װײך־געהיט און פאָרזיכטיג צו זײַן גוף זי אַראָבגעלאָזט, איהם אַלײן געהן געלאָזט און אַלײן אונטען געבליבען, איהם אַ װײַלע נאָכגעקוקט, מיט געטרײַע אויגען איהם בעגלײט געטרײַ, און אַלײן — צוריק, צוריק, שטיל און גיך, גיך און שטיל און צום כסא־הכבוד צו — — —

קײנמאָל קײן ליעבען מאַמע־גלעט אויפ'ן יונגען לײַב נישט פיהלענ־דיג, נישט אויף אײגענער, נור אויף עלטער־זאָרג געצװיגען, יונג און אויף יוגענד זשעדנע, שטענדיג אויף אַ װאַרים טרײסט־װאָרט דאָרשטיג, —אָט אַזוי מיט אַ האַרץ פון יונגען צער פערקלעמט איז דאָס יתומה'לע צום כסא־הכבוד געקומען, און װי פאַר אײן רגע־טראַכט, אפילו פאַר'ן אײַגענעם אָטעם, פאַר זיך אַלײן און פאַר'ן אַרומיגען מורא האָבענדיג, האָט דאָס יתומה'לע מיט זיך אין גאַנצען, מיט האַרץ און פנים באַלד צו די פיס פון כסא־הכביד אַ פאַל געטהון; אַ פאַל געטהון און מיט איהר לצטען חיות און מיט איהר גאַנצען היות אויסגעשריגען: „רחמנות!... רחמנות, האַר פון דער װעלט, רחמנות האָב״...

„פון װײַט, פון װײַט, פון די אײביגע זאָרג־בערג בין אַהער גע־קומען... פון מײַן עלענדער און צובראָכענער מוטער — פון אײביגען צער און טרויער — בין צו דיר געשיקט... פאַר דיר בעטען, פאַר דיר װײנען... אָט־אָ־דאָ, פאַר דײַן כסא־הכבוד, װעל װײנען און װײנען, ביז איך װעל אין געװײן צוגעהן... אָט־אָ־דאָ װעל איך רחמים בעטען, הלש'ן, ביז איך װעל אין רחמים־חלשות אויס־געהן... האַר פון דער װעלט! אָט פון דאַנען, פון דײַן שטוהל, פון דײַן הײליגען, װעל נישט אװעקגעהן, נישט אָבטרעטען, ביז װאַנען אָטעם אויף צו װײנען און כח אויף צו יאָמערן נאָך בײַ מיר װעט זײַן... האַר פון דער װעלט! איך װעל אַלע װעלטען צער אויף דיר אויפװעקען, איך װעל אַלע װעלטען רחמנות אויף דיר דער־װעקען און מיר אינאײַנעם װעלען דאָ איבער דיר װײנען און װײנען און פון דיר נישט אָבטרעטען, ביז מיר װעלען די טריט פון אונזער בשורה נישט דערהערען, ביז װאַנען דו װעסט אונז דײַן נחמה־װאָרט נישט זאָגען... צו דיר רופט דאָ רײנע בלוטיגע יוגענד און אײַנגע־בראָכענע פערװעלקטע עלטער... האַר פון דער װעלט! לאָז דער יוגענד יוגענד בלײַבען און די עלטער לאָז צו רוה... לאָז דער יוגענד בליהען, בלומלען זיך און די עלטער רוהען לאָז״... —

און אַ טרעהרען־קראַמפּף איז דעם יתומה־ליעד צום האַלז צוגע־טרעטען, ס'האָט זיך אין מיטען איהר געבעט אַ טרעהרען־שטראָם אַריינ־געריסען, ס'האָט איהר קול און איהרע ווערטער איבערגעיאָגט און ביים אַרויסרייידען זיי דערשטיקט. פאַר דער יתומה'לע האָבען אַצינד חליפּענ־דיג און ציטערנדיג איהר אַקסעל און איהר גאַנצער גוף גערעדט און געוויינט...

און אַ זיסער רחמנות־שוידער איז די לייבער פון אַלע צוהערענ־דיגע און צוקוקענדיגע וועלטען און מלאכים דורכגעגאַנגען, ס'איז צווישען זיי אַ שטילער ישוב־געדויש געוואָרען, און הערצער מיט הערצער האָבען שטיל און איינשטימיג זיך מיט'ן הערצליכסטען צונויפגעלעגט, זיי האָבען דאָס אין די אויגען אויפגעבראַכט און דאָס די אויגען איבערגעענט־פערט... און אַ גרויסע און הייליגע עדה אויגען — אַ הייליגער שליח־צבור פון כשר'ע מלאכים־הערצער — האָט זיך מיט אַמאָל צום כסא־הכבוד רחמימ'דיג, שטיל בעטענדיג געקערעוועט: דערבאַרים זיך, האַר פון דער וועלט, דערבאַרים זיך...

— — — — — — — — — — — —

מילדער און ליכטיגער איז דאָס געטליכע פּנים־ליכט געוואָרען. צי איז דאָס געבעט זייערס אָנגענומען געוואָרען?... שטיל ביים כסא־הכבוד ליעגט דאָס יתומה'לע אַצינד, דאָס ליעד געהט אויס און דאָס יתומה'לע שלאָפט איין, ווען־ניט־ווען נאָר טיעף אין האַרצען פון שלאָף נאָך אַ זיפץ דערוועקט זיך, הויבט טוועט דאָס האַרץ און די אַקסעל אויף, נור לאָזט זיי באַלד פּאַמעליך־פּאַמעליך שוין אין שלאָף אַראָב... — און גלויבענדיג, בעגלויבט און פערזיכערט האָבען אַלע וועלטען און מלאכים זייערע גרינגע גופים אין די וייכע מאַמע־העגד פון רחמנות אָבגעלאָזט, אין זיי זיך איבערגעגעבעט. רחמנות האָט זיי שטיל און פּאַמעליך, ווי אין שטילע שלאָף־וויגעלעך, אַריינגעלעגט און ביי די צוקאָפּענס זייערע טרוים־מלאכים'ליך אַוועקגעשטעלט, און ס'שטעהען איבער די וויגעלעך די טרוים־מלאכים'ליך און מיט די ליעבע טייבעל־פליגעלעך מיט זייערע שטיל־שטיל מאַכען, שטיל־שטיל פאָכען און אָטעמדיג בעוועגען...

און ס'בויגען זיך די טרוים־מלאכימ'ליך איבער די וויגעלעך אַריבער, טוליען זייערע קעפּעלעך צו די מלאכים־קעפּעלעך צו און אויף וויט־וויט וויזען מיט זייערע אויגעלעך אָן: אַזש דאָרטען, דאָרטען... וויט־וויט אַהין, וואָס דאָרטען און פון דאָרטען דאָס געזאַנג איצט טרויםט. —

— װײַט־װײַט פֿון דעם אַנטקעגנקומענדיקן האָריזאָנט, װאוהין דער אַלטער גאָט איז פֿערגאַנגען, האָט זיך אַ װאָלקען בעװיזען און אױפֿגעהױבען. פֿריש־ליכטיג, העל־ליכטיג, װײַס און קלאָר איז געװעזען דער װאָלקען, גלײַך װי ער װאָלט פֿון סאַמע דערמיט, פֿון סאַמע דעם האַרץ פֿונ׳ם ליכט־באַרג אױסגעריסען געװאָרען . . . רײן און אומשולדיג איז געװעזען דער װאָלקען, װי פֿון אומשולד געטראָגען, פֿון איהר אױסגעטראָגען און אין קדושה־רײניגקײַט געבױרען . . . און אַזױ מילד, זױבער און צאַרט איז ער געװעזען, װי פֿון דער רױם פֿערטראַכט, פֿון דעם טרױם אױף דער װעלט געבראַכט, פֿון מילדע צאַרטע װינטעלעך געװיגט און אױסגעװיגט און אױף בלױע זומער־הימלען געצױגען און אױפֿגעצױגען . . .

און דער װאָלקען, װי אַ װילד פֿרעמדער אַ װילד פֿרעמד אָרט אױסזעהענדיג, אַ גרױסען טײל פֿון זיך נאָך הינטער׳ן האָריזאָנט לאָזענדיג, האָט שטיל, פֿאָרזיכטיג און אױף אַלע פֿיער ליענענדיג פֿון הינטער׳ן האָריזאָנט אַרײַנגעקוקט, זיך אַרומגעקוקט און אױסגעזעהן . . . קײן בריאה, קײן לעבעדיגען אָטעם, קײן אונצופֿרידענעם קוק און קײן ברוגז און לאָקערדיג אױג האָט דער װאָלקען נישט בעמערקט, — פֿאַר איהם איז אַ פֿרײַער און ברײטער הימעל געלעגען, אױף איהם האָט אַ פֿרײַער און ברײטער הימעל געװאַרט. געדאַכט האָט זיך, אַז שטיל און לאַנג האָט אױף איהם דער הימעל געטראַכט און מיט זײַן ברײטער און רײנער מחשבה שטיל און רײן איהם אױפֿגעבראַכט . . .

דער װאָלקען האָט זיך אַרױפֿגערוקט; ער האָט זיך אַ שטיק צײַט מיט זײַנע אַלע זײַטען צו אַלע זײַנע זײַטען נאָך צוגעהערט, צוגעהערט, זיך אײַנגעקוקט, נור דערנאָך פֿערזיכערט שױן אױפֿ׳ן הימעל זיך אַרױפֿגערוקט.

און געזעהען האָט מען, אַז ס׳איז נישט עפּעס אַזױ־זיך אַ װאָלקען . . . נישט קײן טײל פֿון אַ גרױסען, װאָס האָט אומגערן און כלאחר־יד זיך אָבגעטײלט און נישט־בעמערקט פֿאַר זיך און פֿאַר׳ן גאַנצען אומגערן אין דער װעלט זיך פֿערגאַנגען — נײן, אין דער געשטאַלט, אָט אין דער פֿאָרם איז ער אױף דער װעלט געקומען און אָט אַזױ, פֿון זינט ער לעבט, פֿון אַ שטומען האַרץ־בעגעהר, פֿונ׳ם אײַגענעם האַרץ געצױגען — געהט איבער הימלען אַרום, בלאָנזשעט — נישט בלאָנזשעט, זוכט — נישט זוכט, נור געהט אַלץ װײַטער און װײַטער . . .

און נישט קיין ווינטעלעך האָבען דעם וואָלקען געטריבען; איינס אויף דאָס אַנדערע, גוף אויף גוף און קאָפּ אויף קאָפּ זענען די ווינטעלעך בײַ די עקען האָריזאָנטען געלעגען און מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם גע-שפּאַנט האָבען געקוקט . . . און נישט קיין גרעסערער וואָלקען האָט איהם צו זיך געצויגען—דער הימעל האָט שוין לאַנג-לאַנג אויף זײַן רײַנעם בלאָהס קיין וואָלקען-פלעק נישט געזעהען . . . נײַן, נישט קיין וואָלקען האָט איהם צו זיך געשלעפּט, נישט קיין ווינטעלעך האָבען איהם גע-טריבען, — זײַן שטומער האַרץ-בעגעהר האָט איהם געצויגען און נאָך עפּעס איהם נאָכגעצויגען — עפּעס איז ער עמיצען נאָכגעגאַנגען, עמי-צענס טריט געהיט, עמיצען ווי געשפּירט און נאָכגעלאָקערט . . .

און דער וואָלקען האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר אין הימעל אַרײַן אַרויפגערוקט, ער איז שוין כמעט אין מיטען הימעל געווען — און פלוצים . . . ווי אין עפּעס אומגעריכטס זיך אָנגעשלאָגען, ווי אין מיטען עפּעס אומגעריכטס דערהערט האָט זיך דער וואָלקען, אַ שטעל געטהון: וואָס איז? — — —

צי איז דער אַלטער נאָך געהאַט אַוועקגעגאַנגען און איצט זיך צוריק אומגעקעהרט, צי האָט ער, די גאַנצע צײַט אויף איין אָרט שטעהענ-דיג, בהקיץ געחלומ'ט און איצטער זיך אויפגעכאַפּט—ווער ווייסט? נור ס'האָט זיך פלוצים ווײַטער פון דער ווײַטקייט זײַן שטימע דערהערט: „צי געדענקסט מיך נישט ווער? צי ווייסט נישט ווער, פון וואַנען קום איך און וואוהין געה איך" . . . אַ ציטער און אַ נעהם-צוריק האָט זיך דער וואָל-קען געטהון און אַ שטעל געטהון, אַ שוידער האָט אַלע וואַרטענדיגע און צו-קוקענדיגע דורכגענומען, אַלע האָבען שטײַף איינס צום אַנדערן זיך צו-גויפגעדריקט און אין וואָלקען דעם קוק אײַנגעזאַפּט . . .

און דערזעהען האָט מען, ווי אין שטײַפסטען און סאַמע דערמיט פונ'ם וואָלקען הויבט זיך עפּעס ריהרען אָן, צוגעהט, צונעהמט זיך און עפענט זיך. וואָס אַזוינס וויל דאָ אויף דער וועלט קומען, וואָס אַזוינס געבירט זיך דאָרט? . . .

„צי געדענקסט מיך נישט ווער? צי ווייסט נישט ווער, פון וואַנען קום איך און וואוהין געה איך" . . . און די מיט פונ'ם וואָלקען ריהרט זיך, צוגעהט, צונעהמט זיך און עפענט זיך — און פלוצים . . .

—אַ פּנים . . . און איידער פון די הערצער פון די וואַרטענדיגע האָט זיך „אַך" אַרויסגעריסען, האָט זיך אין וואָלקען שוין אַ גאַנצער קערפּער

אויסגעבילדעט . . . אַ געטליכע שענקייט, אַ ערהאַבענע געטליכקייט . . .
מען האָט אַ יונגע שלאַנקע האַרמאָניע פיגור דערזעהען . . . אויפ'ן וואָל-
קען איז אַ פרישער מיידעלשער פידעל-קערפער געלעגען . . . —

מיט פערמאַכטע אויגען, שטיל און רוהיג איז די וואָלקען-טאָכטער
אויפ'ן וואָלקען געלעגען. רוהיגער, צאַרטער און זיסער ווי שוין — פריה-
מאָרגען שלאָף האָט אויף איהרע אַראָבגעלאָזטע וויעס גערוהט, און
גערדאַכט האָט זיך, אַז אַזוי איז די וואָלקען-טאָכטער שוין יאָהרען, יאָהרען-
לאַנג, וועלטען, וועלטען-וויַיז אין אָט דער רוהיגער וואָלקען-שוים אָבגע-
שלאָפען, נור . . . ראָך גאָרנישט פערשלאָפען . . . גלייך ווי צייט
און יאָהרען זענען, זי אויסמיידענדיג, איהר פאַרביי געגאַנגען . . .
גלייך ווי נישט די צייט האָט איהרע דופק-קלעפלעך געצעהלט, גלייך
ווי אויסער דער צייט איהר בעטעל געשטאַנען.

און אויסגעזעהען האָט אין איהר רוהיג-ליעגענדיגער פאָזע די
טאָכטער די געטליכע, ווי אַ איינגעשלאָפענער רעטעניש, וואָס ליעב,
ליעב און האַרציג, טאַקי ביי איהר אויפ'ן שוים דעם קאָפּ אָנשפּאַרענדיג,
איז איהר אײַנגענער פתרון איינגעשלאָפען. מיט פערמאַכטע אויגען, שטיל
און רוהיג איז די געטליכע טאָכטער אַזוי אין איהר וואָלקען-בעט געלעגען, —
אַלע אויגען האָבען זיך אין איהר פריהלינג-קערפער איינגעזאַפּט: אַלע
האָבען געקוקט, געוואַרט און אויף איהרע אויגען אַרויסגעקוקט . . .

וואָרום געפיהלט האָט זיך, אַז אַ אייביגער פתרון, אין געשטאַלט פון אַ
יונג ליעב קינד, מיט ליעב-פערלענגטע הענטעלעך אויפ'ן הערצעל, מיט
אַ אומשולדיג קינדערש-שמייכעלע אויף די ליפּלעך, אונטער איהרע וויעס
שטעהט, שטעהט און וואַרט: — זאָלען זיך נאָר די וויעס איהרע אויפ-
הויבען, אַזוי שטעהט דאָס גרייט, טהוט אַ שמייכעל און . . . אַלע
וואַרטענדיגע קינדעריש, אויפגעלעגט און אָפענהערציג מיט דעם פתרון-
קינד אינאַיינעם שמייכלען און שמייכלען. —

און שוואַך האָט ווייטער די ווייטקייט אויף צער-און רחמים-פליגעל
צוטראָגען געבראַכט: „צי געדענקט מיך נישט ווער, צי ווייסט נישט, פון
וואַנען קום איך און וואוהין געה איך?" פלוציים דערהערט דאָט דאָס די
געטליכע טאָכטער און זי האָט איהר קערפער מיט אַמאָל צום ווייטען
קול אַ נייג געטהון. — און דערזעהען האָט מען, ווי ס'האָבען זיך
איהרע אויגען סטורפ'דיג גיך, הין און צוריק, אונטער איהרע וויעס
אַרומלויפען אָנגעהויבען: הין און צוריק, הין און צוריק, אַרויף — אַראָב,

אַרויף — אַראָב, און צומישט אַ אויסגאַנג געזוכט . . . שרעקליך געשפּאַנטעם צו הערען און אָהן־אויגענדיגע אויפמערקזאַמקייט האָבען זיך פון דער הויט פון איהר גאַנצען קערפּער געריסען, נור פערמאַכט, זענען איהרע אויגען געבליבען. —

שוואַך, ווי שוין מיט די לעצטע כחות, האָט די ווייטקייט ווייטער אויף איהרע ווייטע און מידע פליגעל דעם אַלטען גאָטס קול געבראַכט: „צי געדענקסט נישט ווער? צי ווייסט נישט ווער?“ . . . — מיט פערמאַכטע אויגען מיט אַמאָל האָט זיך די געטליכע טאָכטער אַ זעץ אויף געטהון, אויף די פיס זיך אַ שטעל געטהון, און צו אַלע זייטען מיט אַלע זייטען האָט זיך איהר קערפּער מיט איהר פנים — בלינדע זוכענדיגע שרעק — זיך געקערעוועט, געריסען, מיט'ן פנים ווי דאָס ווייטע קול געזוכט און דעם ענטפערן, שרייען געוואָלט: „יאָ, איך געדענק, איך ווייס . . . עפענט מיר נאָר די אויגען אויף . . . איך געדענק, איך ווייס . . . רייסט־זשע מיר די אויגען אויף“ . . . נור נישט געפונען האָט איהר קערפּער דאָס קול דאָס ווייטע, ווייל פערמאַכט זענען אַלץ איהרע אויגען געבליבען. —

„צי געדענקסט מיך נישט ווער? צי ווייסט נישט ווער?“ . . .

די געטליכע וואָלקען־טאָכטער האָט אַ שרעקליך־שטומען ציטער געטהון, ווי אַ ריס פאָראויס זיך געטהון און אויף דעם זוים. פון תהום־געפאַהר אויף איין האָהר שוין געווען; נור אין דער איינענער רגע צוריק די וואָג געחאַפּט און שטעהן געבליבען . . . —

פערשטיינערטע שרעק, בלינדער און געשפּאַנטער ריזען־כח איז אין איהר געשטאַלט אויפ'ן עק־עק וואָלקען געשטאַנען, מיט'ן פנים אין דער זייט, פון וואַנען דאָס קול געהט, אויסגעקערעוועט גרויזאַם־שטום, גרייט און שרעקליך, — אָנגעשטרענגט איז זי אַזוי אויפ'ן עק וואָלקען געשטאַנען. — — „צי געדענקסט מיך נישט ווער? צי ווייסט נישט ווער?“ און . . . „אַך!“ — זי האָט נאָר אויף איין אויגענבליק די אויגען אַ עפען געטהון און אין דער איינענער רגע פונ'ם וואָלקען צום קול אין דער לופט, אין תהום אַראָב אַ פאַל געטהון . . . „אַך!“ — ביי אַלע וואַרטענדיגע און אַרויסקוקענדיגע האָט זיך עפּעס אין האַרצען אָבגעריסען. „אַך!“ האָט דאָס יתומה'לע פון שלאָף זיך אַ הויב און אַ געשריי געטהון און צוריק שוין אָהן אַ נשמה אַ פאַל געטהון . . . די מלאכים האָבען אין שטילען קדושה־חלשות אַ שרעקליכען ציטער געטהון און זיך אויפגע־

האַפּט. און אויפֿהאַפּעֶנדיג האָבען זיי אין דעֶר לופט זייעֶרעֶ אייגעֶנעֶ באָר=וואָס אויסגעֶשריגעֶנעֶ ווערטעֶר נאָך געֶטראָפעֶן: קדוש! קדוש!! קדוש!!! —

— — — — — — — — — — — — —

דאָס געֶטליכעֶ פּנים=ליכט, וואָס האָט פונ׳ם כסא=הכבוד אַרויסגעֶשטראַהלט און די מלאכים חופה׳דיג איבעֶרגעֶדעֶקט, האָט צוריק אין כסא=הכבוד אַריין זיך אַריינציהעֶן אָנגעֶהויבעֶן. פּאַמעֶליך=פּאַמעֶליך האָבעֶן זיך פריהעֶר די מלאכימ׳ס גופים, דעֶרנאָך די פליגעֶל, דעֶרנאָך די פּנים׳עֶר אויסגעֶלאָשעֶן, — די מלאכים זעֶנעֶן אין דעֶר פינסטעֶר געֶבליבעֶן. זיי האָבעֶן זיך נאָך אַ ווײַלעֶ אינאײַנעֶם געֶהאַלטעֶן, נור באַלד האָט זיך אין דער פינסטעֶר אַ פליגעֶל=געֶרויש דעֶרהעֶרט, — די מלאכים זעֶנעֶן זיך צו=פלויגעֶן. — . . . . — . . . .

און צונומעֶן און אָבגעֶטיילט האָבעֶן זיך אויך די וועֶלטעֶן, אײַנעֶ פון דעֶר אַנדעֶרעֶר האָט דאָס אויעֶר צוגעֶנומעֶן, און זיך צו זיך פעֶר=גאַנגעֶן. און שוין שטאָק=פינסטעֶר איז געֶוועֶן, ווען אונזעֶר וועֶלט האָט זיך צו זיך אומגעֶקעֶהרט, און געֶטראָפעֶן האָט אונזעֶר וועֶלט הימעֶל, עֶרד און אָוועֶנד שוין עֶרנסט, עֶרנסט פון נאַכט טראַכטעֶן. —

— — — — — — — — — — — — —



## די ערשטע טאָג און נאַכט נאָך מעשה־בראשית.

. . . „און גאָט האָט געבענשט דעם זיבענטען טאָג און האָט איהם געהייליגט, וואָרום אין איהם האָט ער אָבגערוהט נאָך דעם, ווי ער האָט אַלעס בעשאַפען״. . .

אין דעם שבת פאַרטאָג האָט די וועלט אויסגעזעהען, ווי אַ געווינערין נאָך אַ שווערען, שווערען צו־קינד־געהן. בלאַס, מאַט און אָבגעלאָזען איז זי אויף איהר ווייסען, זייבערן נאַטור־בעט געלעגען... און שטיל איז דאַן געווען, ווי פאַר יציאת־נשמה פון אַ גרויסען הייליגען, און ווי ביי דער שרעקליך־געשפאַנטער אויפמערקזאַמקייט פון אַ המון פאַר אַ בשורה, פאַר אַ שרעק־וואָרט, פאַר אַ רגע־געשעהעניש און טרידה־מאָמענט. די שטילקייט איז אויף די שפּיץ־פינגער געגאַנגען. מלאכים'לעך—רייניגקע, ווי דאָס וואַסער פון פעלד־ברונען, בנעימות־דיגע, ווי זויג־קינדער, און זויבערע, ווי די פראַנזען פון אַ חופה־טוך, — קוקענדיג — נישט־זעהענדיג, הערענדיג — ניט־וויסענדיג, שוועבענדיג — ניט־פּיהלענדיג, — האָבען זיך אין דער ריינער לופט שטיל געוואוינען, קוים געהוידעט, לייכט געשוועבט און געאָטעמט ליעב־גן־עדן־ריח'לעך, פריהלינג־לופטעלעך און זומער־ווינטעלעך. . . אויף דעם בלאַסען פּנים פון דער געווינערין האָט גערוהט אַ זיסע מידקייט, יסורים פון ליעבע און ליעבע פון יסורים.

בלאַס, מאַט און אָבגעלאָזען איז די וועלט אויף איהר ווייסען, זייבערן נאַטור־בעט געלעגען. . .

די נאַטור איז נאָר־וואָס פון'ם תהו־ובהו־בויך אַרויס. דאָס קינד האָט נאָך די אויגען צו געהאַלטען: עס האָט נאָך נישט געפיהלט, צי זיי דעם געהערען. . . דאָס קינד האָט אַ געשריי טהון שוין געוואָלט און געקאָנט, נור עס האָט נאָך נישט געפיהלט, צי דאָס קול איז דעמס.

נור אָט האָבען די שפּיץ=בערג און בוימער די זון דערזעהען — דאָס קינד האט די אויגלעך עפּענען זיך אַ פּרוב געטהון, נאָר דער שײַן האָט אַ גלאַנץ=שנײַד געטהון: רײַצענד ליכטיג, דאָך בעסער די אויגען צו צו האַלטען. שפּעטער אַ ביסעל — אַ פּרוב און אַ בליק, אַנ'עפּען און אַ קוק — די זון איז אויפגעגאַנגען. און דאָס קינד האָט זיך ציהען גענומען, ציהען און גליעדערלעך אויסגלײַכען: — די זון האָט זיך ארויפגערוקט.

און אַז די זון איז אין מיטען הימעל געקומען, אַז אַלעם האָט זיך אין ליכט געפונען און געלויכטען, — אָט אין דער רגע האָט די נאַטור איהר האַרץ און אַלעם, אַז ס'געהערט צו איהר, דערפּיהלט, האָט אַ צאַפּעל געטהון און אויסגעשריען: „איך!“ . . . און תוך=כדי=דבור, אין דער אײגענער רגע, ווען איהר וואָרט האָט זיך נאָך אין דער לופט געפונען, האָבען אַלע בּרואים זײערע הערצער און אַלעם, אַז ס'געהער צו זײ, דערפּיהלט און פון וועלטען=הערצער האָט זיך אַ ווידערקול אַרויסגעריסען, איהר געענטפערט: „איך!“ . . . „איך!“ . . — און די נאַטור מיט אַלע בּרואים זענען ערשטוינט און פערגליווערט געוואָרען: יעדע בריאה אויף דער נאַטור, די נאַטור אויף יעדער בריאה, אײנער אויפ'ן אַנדערן, יעדערער אויף זיך — האָט זיך פערקוקט און פערטראַכט און פערגעגען געוואָלט: וואָס? וואָס איז דאָ געשעהען? — די וועלט האָט אַ שליח=צבור געזוכט . . . און דער האָהן האָט זיך צום ערשטען מאָל אויף די פיס אַ שטעל געטהון, מיט די פליגעל אַ פּאַטש געטהון, דאָס מויל געעפענט — אָט פרעגט ער! נור פון'ם הימעל האָט זיך ווי אַ אָנגעברויגעזטער פּנים מיט אַ פּאָר בײזע אויגען בעוויזען, אַ האַנד האָט זיך אַרויסגעשטעקט און אַ מאַך געטהון: שאַ . . . שבת! — בײַ דעם האָהן זענען די אויגען מיט בלוט פערלאָפען, די פראַגע איז איהם אין גאָרגעל דערוואָרגען געוואָרען, דאָך האָט די פליגעל פערזיכערט אַראָבגעלאָזט, ווי אײנער רעדט: נישט אַצינד, וועט זײַן אַ אַנדערש מאָל . . . . . . — — „איך!“ — און אַלע דורות זענען מיט הוילע העמדער פון זײערע געלעגערס אַראָב: די געשיכטע האָט זיך אַרויסגעזאָגט.

---

און אַז די זון האָט זיך דעם ערשטען רוק קײן מערב געטהון, האָט זיך אונטער יעדער זאַך אַ קאַלט=שוואַרץ=שטום שאָטענדעל בעוויזען.

דער שפּיָן האָט דעם ערשטען ווידענעם שפּינוועבס אויסגעשפּיגען, דער שלאַנג דאָס ערשטע ממזר־שטיק. און חוה — די ערשטע ווייבערשע תנועה.

דער אָבגרונד האָט די אויגען געעפענט. און אז ער האָט דערזעהען די צייט אויף זיין גרענעץ שטעהן, האָט ער דעם שוואַרצען, טיפען פּיסק זיינעם געעפענט: „בעצאָהל!“ . . די צייט האָט מיט איהרע אייזערנע פינגער זיין מאָרדע געגלעט: נאַרעלע . . .

„בעצאָהל!“ . . . און די צייט האָט מיט איהר וויילער ווייסער נאַקעטער האַנד זיין האַלז־און־נאַקען אַרומגענומען און איבער זיין קאָפּ אַלע רגע אַ זייפען־בלאָז אַ לאָז געטהון . . . דער אָבגרונד האָט די אויגען פערריסען און אין מויל פערגעסען. דער שטן האָט איהם אונטען אַרום געשטורכעט: „קאַלב, מע נאַרט דיך“ . . . דער אָבגרונד האָט נישט געפיהלט: אַ רגע — אַ זייפענבלאָז, אַ רגע — אַ זייפענבלאָז, — און ס'האָט איהם שלעפערן אנגעהויבען. ווען ער איז איינגעשלאָפען, האָט די צייט פּאַמעליך־פּאַמעליך איהר האַנד פון אונטער זיין האַלז און נאַקען אַרויסגערוקט, זיך שטיל אויפגעהויבען און איהר וועג זיך אַוועקגעגאַנגען. און דער שטן האָט געמוזט פּאַר'ן וועלט־רעדעל זיך נעהמען.

---

די זון אַליין האָט זיך נאָך גוט געפיהלט, פרעהליך־לעבעדיג האָט זי געשיינט, געלויכטען און געוואַרימט. זי האָט נישט געוואָלט וויסען, וואָס הינטען טהוט זיך, נאָר אָט זעגען פון ערגעץ ווינטען און ווינטעלעך אָנגעקומען, זיי האָבען זיך אויף איין אָרט צונויפגענומען, שטיל־צאַרט צווישען זיך זיך געשושקעט, גע'ישב'ט, גע'עצה'ט און דערנאָך צו די עקען הימעל זיך אַ לאָז געטהון, פון דאָרט די וואָלקענס אַרויסרופען, וואָס האָבען — אונגעדולדיג מיט אָנגעהמורעטע און אָנגעבראָיגעזטע ברעמען, שטערענס און פּנים'ער — געוואַרט און געריבט זיך. און אָט האָט אַ שוואַרצע חמאַרע מיט אַ גראָבער און זיכערער האַנד זיך פּאַר'ן הימעל אָנגענומען און שווער־בעריש קלעטערן אָנגעהויבען. די נאַטור האָט מיט די אויגען געפרעגט: וואָס איז דאָס? די זון האָט זיך האַרץ געמאַכט און אָנגעשטעלט אַ פּנים, גלייך ווי זי בעמערקט נישט, כלומרשט איהר אַרט דאָס נישט, און האָט נאָך מיט מעהר היץ, מיט מעהר גאָלד־שיין און פייער געשאָטען. און די חמאַרע רוקט זיך אַלץ נעהנטער און נעהנ־

טער צו דער זון צו . . . די זון שײַנט שטאַרקער . און די חמאַרע האָט אַ ווײַסע וואָלקען־האַנד פון הינטער איהר שוואַרצקײַט אַרויסגענומען , זי אויסגעשטרעקט און מיט איהר איבערן ליכטיגען זונ׳ס פנים פון הינטען אַראָב אַ שמיר געטהון , ס׳הײַסט : וואָס ? אַנטקעגען וועמען שטעלסט זיך דאָס ? . . .

דאָס שענע , דאָס ליכטיגע האָט די אויבער־האַנד דערפיהלט און האָט זיך אונטער דער שוואַרצער בײַזער חמאַרע אונטערגעגעבען . . .
און אַז דער וואָלקען איז אַריבער , האָט די זון אויסגעזעהען ווי אָבגעשמיסען און פון אַ זינד געריײניגט . די ערד האָט צום הימעל געקוקט : ברודער־הימעל , כ׳האָב זיך דיר געזאָגט . . . דער הימעל האָט צו דער ערד געקוקט : שוועסטער־סערדצע , כ׳פיהל דיך שוין , כ׳פערשטעה דיך שוין . . .

אויפ׳ן רי בײַל האָבען זיך דערנאָך נאָך דעם גאַנצען טאָג „גלאַט אין דער וועלט אַרײַן" , תמ׳עוואַטע און „פרעג־מיך־בחרם"־וואָלקענס אַרומגעדרעהט , — געדרעהט , געקראָכען , געצויגען , געשלעפט זיך פון מזרח קײַן מערב , פון צפון קײַן דרום און צוריק און קײַלעכדיג . און אָב אַזוי , זיך און יענעם זוכענדיג , זענען זיי פאַרנאַכט צו , ניט בעסערקטערהײַט , זיך צוקראָכען און ניט געבליבען . . .

פאַרנאַכט . . . די זון צווישען הימעל און ערד געהאָנגען . זי האָט זיך אין אײַגענער בלוט געטרונקען און מיט אײַגענע שטראַהלען זיך פערחלינגעט . זי האָט געפרובט אויפ׳ן הימעל זיך אַרויפדראַפּען — אומזיסט : דער הימעל איז גלאַט און גליטשיג , און פון ערד־זאַבען האָט זיך יעדערער פון איהרע שטראַהלען אָבגעטשעפּעט און זי אָבגעלאָזט . דער שאָטען איז איהר טריט בײַ טריט נאָכגעגאַנגען און רוהיג־אַכזריות׳דיג און קאַלטבלוטיג זי מיט די אויגען געטריבען : נו , געה שוין געה , מאַך קײַן טענות . . .

ס׳איז נאַכט געוואָרען . און אַ שוואַרצער מלאך האָט אויף שוואַרצע פליגעל אויף דער וועלט צוטראָגען — שרעק , שרעק , שרעק —

— — — — — — — — — — — — — — —

יעדערער האָט זיך מיט זיך איבער זיך איבערגעדעקט , די אויגען צוגעמאַכט און דער אײַגענער פינסטערניש זיך איבערגעגעבען .

אדם — בשעת די זון האָט פערגעהן אָנגעהויבען , האָט ער מיט אויסגעראַטשעטע אויגען זיך אין אַלע פיער זײַטען געדרעהט און פון זײַן

בריִיט־געעפענטען מויל האָט זיך אַ פראַגע געבעטען : וואָס ? וואָס איז דאָ ? און אַז ער האָט דערזעהן , אַז זי בלייבט נישט , זי רוקט זיך אַלץ מעהר און מעהר אַראָב , האָט ער אין איהר זיינע ווילדע אויגען אַרייננעשטעקט ; זי האָט איהם מיט איהרע שפּיזלעך־שטראַהלען אין דער נאָז אַ קיצעל געטהון און טרעהרען אין זיינע אויגען אָנגעטריבען ; און אַז ער האָט זיי פערמאַכט און נאָכדעם געעפענט , און אַז זי איז שוין נישט געוועזען , האָט ער די פיס פון אָרט אַ ריס געטהון און אָנגע־הויבען געהן , גיכער — לויפען, שטאַרקער — יאָגען : טיוק, טיוק, טיוק — איבער בערג , איבער טאָלען , איבער פעלדער , איבער וועלדער , אָהן כח , אָהן אָטעם , אָהן נשמה , — און זי איז ניטאָ און אויף איהר אָרט האָט זיך אַ שוואַרצער וואָלקען ארויפגערוקט און בייז געמיינט : די זון ? די זון זולסטו ? ניטאָ . . . ניטאָ . . . און אַז אדם האָט זיך אין אַלע זייטען געדרעהט , געדרעהט און געזעהן נאָר פינסטער־שוואַרץ , נאָר פינסטער־חשך , — האָט זיך זיין אייגענער מה פערלוירען , פון זיין הארץ איז אַ שרעקליכע שטיק שרעק געוואָרען , און מיט אַ ווילדען שטום פער־דומפּענעם ברום האָט ער די טויבע נאַכט געוועקט און די בלינדע פינ־סטערניש געפרעגט : מםמם — ווער בין איך ? מםמם — וואָס בין איך ? מםמם — וואו בין איך ? מםמם — אפשר ווייסט איהר ? מםמם — האָט אַ ווידער־קול איהם פון דער נאַכט און דער פינסטער געענטפערט : — איך זעה נישט , איך הער נישט , איך וויים נישט . . .

און אַז אדם איז צו זיך געקומען , אַז זיין הארץ האָט זיך פון דער פינסטערניש — פינסטער , עלענד יתום'דיג — אין זיין ברוסט זיך אויסגעקעהרט , — האָט ער צו דער ערד צו אַ פאַל געטהון , אין איהר דאָס פנים בעהאַלטען און שטיל־שטיל , יתום'דיג , אַליין , אומגליקליך , עלענד און אהן ווערטער — פאַר איהר געוויינט . . . חוה האָט זיך צו אדם'ען צוגעטוליעט , איהם אַרומגענומען און געוויינט און געוויינט . . .

— — — — — — — — — — — —

חצות . און צום ערשטען מאָל האָט זיך דער גיהנום געעפענט . . . אין אַ פונק איז פון איהם אַרויס און האָט אויף אונזער וועלט פערבלאָנזשעט , און געפלויגען און געפלויגען אַלץ אַראָב און אַראָב . ער האָט דעם האָהן געטראָפען און האָט זיך איהם אונטער אַ פליגעל אַרונטערגעכאַפּט , ס'האָט דעם האָהן אַ בריה געטהון און ער האָט זיך אויפגעהאַפּט , אויף די פיס זיך אַ שטעל געטהון , און אין

דער וויִכטער=פּינסטערער נאַכט צום ערשטען מאָל דער וועלט איהר ערשטע און גרעסטע עולה אין פּנים אויסגעוואָרפען — דער האָהן האָט אויסגעשריִגען: חוה איז אין טראָגען פערגאַנגען . . .

און דער מלאך, וואָס שרייט אוים אויף פריִהער, וואָס אין די קומענדיגע דורות וועט זיין, איז אויף אַ הויכען באַרג אַרויף און אויסגעשריִגען:

— קין — דער ערשטער ילוד=אשה ! . . .



**62 ביכער אַ יאָהר**

**50** ביכער אײראָפּעאישע

**12** ביכער אָריגינ. יודישע

בלויז פיר **5** רובל מיט פּאָרטא

פון אָנפאַנג יאַנואַר 1910 האָט דער פערלאַג „פּראָגרעס“ אָנגעפאַנגען אַרויס צוגעבען א וואָכענטליכען זשורנאַל אונטער'ן נאָמען:

# אײראָפּעאישע ליטעראַטור.

דער ליטעראַרישער טייל געפיהרט דורך

**אברהם רייזען.**

די „אײראָפּעאישע ליטעראַטור“ האָט זיך געשטעלט דעם ציעל צו זיין אַ פערמיטלערין צווישען מערב־אײראָפּא און דעם יודישען לעזער, איבערצוטראָגען אין דער יודישער ליטעראַטור דאָס בעסטע, שענסטע און ערהאַבענסטע, וואָס ס'האָט געשאַפען דער אײראָפּעאישער גייסט אין פערשידענע שפּראַכען. אין דער „אײראָפּעאישער ליטעראַטור“ וועט דער לעזער געפינען ענטפער אויף פילע פראַגען, וואָס זענען נאָך פאָרלויפיג אין דער יודישער ליטעראַטור ניט בעריהרט געוואָרען.

איבערטראָגענדיג די בעסטע ווערק פון די רייכסטע ליטעראַטורען אין יודיש, וועט אונזער ליטעראַטור רייכער ווערען מיט נייע ווערטער, בילדער און נייע פאָרמען און דאַן וועט אונזער אייגענע שפּראַך און ליטעראַטור אומשטאַנד זיין צו געבען גייסטיגע שפּייז ניט נאָר די ברייטע מאַסען, נאָר אויך דעם יודישען אינטעליגענט, וועלכער איז ביז יעצט געצוואונגען געווען זוכען איהר גייסטיגע נאַהרונג אין פרעמדע שפּראַכען.

די „אײראָפּעאישע ליטעראַטור“ וועט אויף אַזאַ'ן אופן צוציהען צו דער יודישער שפּראַך און ליטעראַטור דעם יודישען אינטעליגענט און דאָס וועט זיין איינע פון אונזערע גרעסטע געווינסען.

פאַר דעם ערשטען יאָהר **50 ביכער, יעדע וואָך א בוך,** איז געוועהלט געוואָרען די פאָלגענדע גרעסטע און בעליעבסטע אײראָפּעאישע שריפטשטעלער, דיכטער און קריטיקער:

## 1) די סקאַנדינאַווישע ליטעראַטור:

קנוט האַמסון, סטרינדבערג, יאַקובסען, הערמאַן באַנג, לאַגערלעף און אַנדערע.

## 2) די דייטשישע ליטעראַטור:

היינע, בערנע, ערנסט געאָרגי, האָפּטמענסטאַל, היינריך און טאָמאַס מאַן און פילע אַנדערע.

## 3) די פראַנצויזישע ליטעראַטור:

באַלזאַק, פלאָבער, מאָפּאַסאַן, פּאַל בורזשע, קאַטול מענדעס, אַנאַטאָל פראַנס, א. מירבא, מ. פּרעוואָ, קאַמיל לעמאָניע און אַנד.

## 4) די ענגלישע ליטעראַטור:

טשאַרלז דיקענס, אָסקאַר וואַילד, עדגאַר פּאָע, סינקלער, ר. קיפּלינג און אַנדערע.

**5) די איטאַליענישע ליטעראַטור:**

גאַבריעל ד'אַנונציאָ, אַראַנעגדי ראַקערכא, באָקאַטשיאָ, בראַנקאָ און אַנדערע.

**6) געוועהלטע ערצעהלונגען פון די קלענערע ליטעראַטען:**

מישעלישער, סערבישער, באָלגאַרישער, פינישער, רוטענישער און אַנדערע.

אויך וועט אין דער **„אייראָפּעאישער ליטעראַטור"** געדרוקט ווערען געדיכטע פון די גרעסטע וועלט-דיכטער, ווי בייראָן, שעלי, לאָנגפעלאָ, היינע, געטהע, מיצקעוויץ, סלאָוואַצקי, פושקין, לערמאָנטאָוו און אַנדערע.

אין דער **„אייראָפּעאישער ליטעראַטור"** וועלען פון צייט צו צייט קומען קריטישע אַרטיקלען פון די וועלט-בעריהמטע קריטיקער, ווי בראַנדעס, טען, רעסקין און אַנדערע, אום דער לעזער זאָל בעקומען אַ ריכטיגען בעגריף וועגען די אַלע שריפטשטעלער, וואָס **זועלען ערשיינען אין יודיש.**

די אַלע ערצעהלונגען און אַרטיקלען זענען געדרוקט אין יעדען העפט גאַנצערהייט, מיט אויסנאַהמע פון 2 ראָמאַנען, וועלכע געהען אין פאָרטזעצונגען.

איינער פון די ראָמאַנען איז דער בעוואוסטער און אינטערעסאַנטער ראָמאַן, אונטער'ן נאָמען **פריילין מוטער**, פון דעם בעריהמטען דייטשען ראָמאַנטיסט ערענסט נעאָרגי. דיעזער ראָמאַן איז אין דייטש־לאַנד אין פערלויף פון אַ מאָנאַט ערשיענען אין 20 אויפלאַגען ביז 100 טויזענד עקז.

אום צו מאַכען אונזער זשורנאַל איינענאַרטיג און לעבהאַפט, דרוקען מיר אין יעדען העפט אַ קליינע הומאָרעסקע פון די בעריהמטע הומאָ־ריסטען, ווי מ. טווען, זשאַן פּאַאול, סאַפיר, ראָדאַ ראָדאַ און אַנדערע.

דער פערלאַג ווענדעט אָן אַלע מעגליכקייטען, דאָס די איבערזע־צונגען זאָלען געמאַכט ווערען דורך די בעסטע יודישע איבערזעצער, און זאָל ניט פערלירען דעם סטיל און ריטם, וואָס אין אָריגינאַל.

רעכענענדיג זיך מיט דער ליעבע און אַכטונג, וואָס דאָס יודישע פאָלק פיהלט צו איהרע אייגענע שריפטשטעלער און דיכטער, גיט די **„אייראָפּעאישע ליטעראַטור"** איהרע אַבאָנענטען **אומזיסט**

אַלס פּרעמיע: **12 ביכער אָריגינעלע ווערק** פון פאָל־גענדע יודישע שריפטשטעלער און דיכטער:

1) **י. ל. פּרץ.** אַלעגאָריען.
2) **ל. שאַפּירא.** אויפ'ן ים.
3) **דער נסתר.** העכער פון דער ערד.
4) **דוד איינהאָרן.** שטילע געזאַנגען.
5) **שרה רייזען.** שטריכען און בילדער.
6) **שלום אַש.** ערד.
7) **פּרץ הירשביין.** פּאָעזיע אין פּראָזע.
8) **אברהם רייזען.** ליעבע־ליעדער.
9) **י. מ. ווייסענבערג.** קאַמ־פער (דראַמע).

10) יונה ראזענפעלד. נייע ערצעהלונגען.
11) ח. נ. ביאליק. אריגינעלע יודישע ליעדער.
12) אלגין. בילדער.

צבאָנירענדיג די „איראָפּעאישע ליטעראטור“ פאר 5 רובל וועט דער לעזער ענדע יאָהר בעזיצען א ביבליאטעק פון 50 ביכער, וועלכע וועט ענטהאַלטען די בעסטע ווערק פון די איראָפּעאישע שריפטשטעלער און דיכטער; 12 ביכער פון די גרעסטע יודישע שריפטשטעלער. צוזאמען א ביבליאטעק פון 62 ביכער.

פּרייז פאַר יעדעס העפט פון די „איראָפּעאישע ליטעראטור“ 10 קאָפּ. פּרייז פאַר יעדעס העפט פון די „יודישע שריפטשטעלער“ 20 און 25 קאָפּ.

אַבאָנאַמענט-פּרייז פאַר די 50 ביכער „איראָפּעאישע ליטעראטור“ מיט דער פּרעמיע 12 ביכער „יודישע שריפטשטעלער“ 5 רובל. פאַר אויסלאַנד 6 רובל מיט 50 קאָפּ. פּאָרטאָ פרייַ.

די אַבאָנענטען אין ווארשא, וואָס נעהמען אָב אין רעדאַקציע, צאָהלען בלויז 4,50 רו"כ. די אבאָנענטען קאָנען צאָהלען דעם פּרייז אין ראַטעס: בייַם צבאָנירען 1,50 ר׳, ביים 10-טען ביכעל 1,50 ר׳, בייַם 20-טען ביכעל 1 ר׳ און ביים 30-טען ביכעל דעם לעצטען רובל. די אַבאָנענטען פון די „איראָפּעאישע ליטעראטור“ קאָנען בעקומען אויסער די 12 אויסזיכטיגע פּרעמיעס אויך פאָלגענדע ביכער: 1) אַ נייַער באַנד דראמאטישע שריפטען פון י. ל. פּרץ, רייך אילוסטרירט, פּרייַז 1,25 פאַר 65 קאָפּ מיט פּאָרטא 90 קאָפּ. 2) שריפטען פון אברהם רייזען, ערשטע 2 בענדער געזאַמעלטע „ליעדער (נייע פערגרעסערטע אויפלאגע) און „מענשען און וועלטען“, פּרייַז 2,50 פאַר 1 רובל, מיט פּאָרטא 1,50; 3) שריפטען פון אברהם רייזען דריטער נייער באַנד „געשטאַלטען“. פּרייַז 1,25 פאַר 65 קאָפּ. מיט פּאָרטא 90 קאָפּ. 4) קונסט און לעבען. 4 זאַמעל-ביכער רעדאַגירט דורך אברהם רייזען. פּרייַז 80 קאָפּ. פאַר 40 קאָפּ. מיט פּאָרטא 65 קאָפּ. 5) 5 טייל הוין-פריינד אין 2 גרויסע בענדער פאַר 1 רובל, מיט פּאָרטא 1,50. פּאָרטא פאַר 2 פּרעמיעס 50 קאָפּ. פּאָרטא פאַר אַלע 5 פּרעמיעס בלויז 75 קאָפּ. אום צו געבען אויך די איינצעלנע קויפער פון דער „איראָפּעאישער ליטעראטור“ די מעגליכקייט בילינער צו בעקומען די פּרעמיעס, האָבען מיר געדרוקט אין יעדען נומער קופּאָנעס און די וועלכע וועלען ברענגען 4 קופּאָנעס, אין ווארשא אין רעדאַקציע און צו די אַגענטען אין אַנדערע שטעדט, וועט בעקומען די מאָנאַטליכע בייַלאַגע אין ווארשא פאַר 10 קאָפּ. און אין דער פּראָווינץ פאַר 11 קאָפּ. און די, וועלכע וועלען צושטעלען 15 קופּאָנעס, קאָנען בעקומען די איבעריגע פּרעמיעס פאַר דעמזעלבען פּרייַז ווי אַבאָנענטען. — מיט בעשטעלונגען זיך צו ווענדען:

Книгоизд „ПРОГРЕССЪ“, Я. Лидскій, Варшава, Налевки 36

מאָנאַטליכע בײַלאַגע № 3
צו די „אײראָפּעאישע־ליטעראַטור".

פּרײַז 20 קאָפּ.—12 סענט.

אַדרעס: י. לידסקי, װאַרשאַ, נאַלעװקי 36

Я. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки 36

Высше Земли

Тип. Н. Эдельштейна, Варшава, Налевки 38